פארטיי „סאציאליסטען רעוואליוציאנערען״.

„אים קאמפף ייעסטו דיין רעכט ערווערבען״.

יו. גארדענין.

# דער ענדע ציעל

## און

# דער טאג-טעגליכער קאמפף

## פון דעם

# רעוואליוציאנערען סאציאליזם.



איבערזעצט פון רוססיש.

1905

דרוקעריי פון דער פארטי סאציאליסטען רעוואליוציאנערען.

# די אידישע אויסגאבען פון דער פארטיי „סאציאליסטען רעוואליוציאנערען״.

1) קאַמפף און קעמפפער I

2) 〃 〃 〃 II

3) 〃 〃 〃 III

4) 〃 〃 〃 IV

5) 〃 〃 〃 V

6) וועגען גאַססען אונרוהען פון ד. חילקאָוו.

7) די רויטע פאָהן (אַ מאַי זאַמעל-בוך).

8) דער רויטער זונטאָג.

9) פּראַגען פון פראָגראַם און טאַקטיק. ערשטער טהייל.

10) אַ פּאָליטישע אָדער אַ סאָציאַלע רעוואָליוציע.

11) דער צאַר. אַ כאַראַקטעריסטיק.

12) דער ענדע-ציעל און דער טאָג-טעגליכער קאַמפף פון דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאַליזם.

---

# איינִיגע פארבעמערקונגען.

אין דיעזען אַרטיקעל האָט זיך געשטעלט דער חבר יו. גאַרדענין די אויפגאַבע צו אַנאַליזירען דעם צוזאַמענהאַנג פֿון דעם ענדע-ציעל מיט דעם טאָג-טעגליכען קאַמפף. דיעזע פֿראַגע איז זעהר אַ וויכטיגע פֿאַר יע-דער דענקענדען סאָציאַליסט, וועלכער וויל זיך אָבגעבען אַ דין וחשבון פֿון אַלעם דעם, וואָס איהם רינגעלט אַרום און וועלכער וויל גוט פֿערשטעהן, אין וואָס פֿאַר אַ פֿערבינדונג שטעהט אָט דער קאַמפף, וועלכען עס פיהרט, מיט דעם ציעל צו וועלכען ער שטרעבט. דאָס לעבען שטעהט ניט אויף איין אָרט, דאָס לעבען איז זעהר פֿערוויקעלט און פֿערפלאָנטערט, יעדער טאָג ברייננגט מיט זיך נייע און נייע פֿאַקטען, נייע געשעהענישען, וועלכע געפֿינען זיך אין דער אָדער יענער בעריהרונג מיט אונזער קאַמפף, מיט אונזערע אידעאַלען און דאָס פֿאָדערט פֿון אונז גרויס געניטקייט, גרויס שאַרפֿזיניגקייט אַללעס צו פֿערשטעהן און צו ערקלעהרען, כדי מיר זאָללען קענען אָננעהמען דעם אָדער יענעם פראַקטישען בעשלוס, וועלכער זאָל אונז פיהרען אַלץ פֿאָרווערטס צו אונזער אידעאַל, אָבער בשום אופן זאָל ער אונז ניט אָבנייגען אָן אַ זייט און פֿערפֿיהרען אונז אין אַזאַ זומפ, פֿון וועלכען מיר זאָללען ניט קענען אַרויסקריכען. וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך דאָס לעבען, אַלץ שווערער ווערט די אויפֿגאַבע, בפרט אין איצטיגען מאָמענט, וועלכען מיר לעבען איבער אין רוססלאַנד. פֿון איין זייט איז דער קאַמפף זעהר פֿערשאַרפֿט און צוגעשפיצט געוואָרען, פֿון דער אַנדער זייט געפֿינט זיך דער סאָציאַליזם גופא אין אַזאַ לאַגע, וועלכע פֿאָדערט, אַז פֿיעל פֿון דעם, וואָס מיר האָבען געוואוסט און געקענט, מוז איבער-געקוקט ווערען און אויף דאָס ניי אויפגעשטעלט ווערען. ביז דער לעצ-טער צייט האָט דער מאַרקסיזם געהערשט איבער די מחות. דער מאַרקסיזם איז געווען אַזאַ טעאָריע, וועלכע האָט געגעבען זיינע אָנהענגער אַ גאַנ-צע וועלטאַנשאַונג. עס איז כמעט ניט געווען אי איין ווינקעל פֿון לעבען וואוהין דער מאַרקסיזם מיט זיין שאַרפֿזיניגען בליק האָט ניט אַריינגעדרונ-גען. דאָס הויפט פֿערדיענסט פֿון קאַרל מאַרקס׳ן בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט זיך געשטעלט אויף דעם העכסטען פונקט פֿון דער פֿילאָ-זאָפֿיע און וויססענשאַפֿט פֿון זיין צייט און האָט מיט זיין גאונ׳ישער קאָפף אויסגעאַרבייט די אַללזייטיגע טעאָריע פֿון דעם סאָציאַליזם, וועלכען ער האָט אַ נאָמען געגעבען „וויססענשאַפֿטליכען״. אָבער... קיין זאַך שטעהט ניט אויף איין אָרט, אפילו דער מאַרקסיזם. מאַרקס, כאָטש אפילו ער איז געווען אַ גאון, דאָך האָט ער מעהר ניט געקענט געבען, איידער אַ מענש איז ביכולת צו געבען. אין זיין צייט איז די עקאָנאָמישע וויססענשאַפֿט נאָך ניט זעהר ענטוויקעלט געווען, די סטאַטיסטיק איז געווען נאָך ניט בעאַרבייט א. ד. ג., דעריבער געפֿינען מיר אין מאַרקס לעהרע אזוינע עלעמענטען, פֿון וועלכע מען האָט זיך שפעטער געמוזט אָבזאָגען. דאָס,

וואָס מאַרקס האָט פֿעסטגעשטעלט ווי אַ געזעץ, האָט זיך לסוף אַרויסגעוויזען, אַז עס איז גאָר קיין געזעץ ניט א. ז. וו. וואָס מעהר עס האָבען זיך ענטוויקעלט די עקאָנאָמישע וויססענשאַפֿט און די סטאַטיסטיק, די פֿילאָזאָפֿיע און סאָציאָלאָגיע אַלץ מעהר און מעהר פֿעהלערען האָבען זיך געפֿונען אין דער האַרמאָנישער טעאָריע פֿון דעם מאַרקסיזם, אַלץ מעהר האָט מען זיך אָנגעהייבען נויטהיגען אין דעם, אַז מען זאָל דורכקוקען דעם מאַרקסיזם פֿון אַללע זייטען, דורכפֿאָרשען אַלע זיינע יסודות, דאָס, ויאָס עס געפֿינט זיך אין איהם ריכטיגעס, זאָל בלייבען, דאָס אונריכטיגעס—זאָל אַרויסגעוואָרפֿען ווערען. און אַזוי פֿאַנגט זיך אָן דער קריטישער מאַרקסיזם. אָבער... דער קריטישער מאַרקסיזם האָט זיך, צו בעדויערען, ניט אָנגעפֿאַנגען אונטער דער פֿאָהן פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, נאָר אונטער דער פֿאָהן פֿון דעם „רוהיגען" סאָציאַליזם און דעריבער האָט דיעזע „קריטיק" ניט געבראַכט די רעזולטאַטען, וועלכע זי האָט געזאָלט ברייגגען. די פֿאָהן פֿון „קריטיק" האָט אויפֿגעהייבען אין דייטשלאַנד דער בעוואוסטער שריפֿטשטעלער, דער געוועזענער רעדאַקטאָר פֿון דעם צענטראַל-אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, עדואַרד בערנשטיין, וועלכער האָט ספּעציעל אַרויסגעלאָזען אַ בוך, אין וועלכען ער קריטיקירט די יסודות פֿון דעם מאַרקסיזם אויף דעם גרונד פֿון די ענטדעקטע פֿאַקטען. לאָמיר נעהמען אַזאַ מין ביישפּיעל. דער מאַרקסיזם זאָגט, אַז די קאַפּיטאַלען קאָנצענטרירען זיך וואָס ווייטער אין איינצעלנע הענד און מיט דער צייט מוז די ווירטשאַפֿטליכע ענטוויקלונג פֿיהרען צו דעם, אַז דער קאַפּיטאַליזם וועט אַלליין אומגעשטירצט ווערען. „די בורזשואַזע אָרדנונג גראָבט זיך אונטער אונטער זיך זעלבסט". בערנשטיין, וועלכער האָט בעוויזען מיט אותות ומופתים, אַז די קאָנצענטרירונג קומט ניט פֿאָר אין אַזאַ מאָס, ווי מאַרקס האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, איז געקומען צו דעם בעשלוס, אַז מען דאַרף אויפֿהערען גאָר צו טראַכטען וועגען די „ענדע-ציעלען" (ד. ה. פשוט גערעדט, וועגען דעם סאָציאַליזם) און מען דאַרף זיך בעשעפֿטיגען נאָר מיט דער פּראַקטישער אַרבייט, ווייל „דער ענדע ציעל האָט קיין ממשות ניט און די בעוועגונג איז אַלץ". נאָך בערנשטיינען האָט זיך אַלאָז געטהאָן אַ גרויסער צאָהל סאָציאַל-דעמאָקראַטען, וועלכע האָבען אָנגעוואָרען יעדען רעוואָלוציאָנערען געפֿיהל, און עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די „קריטיק" אין אַ ברייטער מאָס. דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם איז געווען אין סכנה. דאָ זיינען אַרויסגעטראָטען געגען די „קריטיקער" יענע סאָציאַלדעמאָקראַטען, ביי וועלכע די רעוואָלוציאָנערע געפֿיהלען זיינען נאָך ניט פֿערלאָשען געוואָרען, אָבער אַרויסגעטראָטען זיינען זיי משונה ווילד. אָנשטאָט צו מודה זיין, אַז יע, אמת, אין דעם מאַרקסיזם געפֿינען זיך טאַקע אַזוינע פֿעראַלטעטע עלעמענטען, מיר זיינען גאָר ניט מחויב מדקדק זיין אין אַללע פּינטעלעך פֿון דעם מאַרקסיזם, אָבער וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם? אויב די אַלטע טעאָריע האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר

ניט ריכטיג, וועלען מיר זעהען נאָכזוכען און נאָכפּאָרשען, כדי אַלעס צו פּערשטעהן און צו ערקלערען, אָבער צי דורך דעם דאַרפען מיר כאָטש אויף אַ רגע אָבזאָגען זיך צו פיהרען אונזער קאַמפף ווייטער אונטער דער רויטער פאָהן פון דעם סאָציאַליזם? אָבער די „רעוואָליוציאָנערע" סאָציאַל-דעמאָקראַטען האָבען אַזוי ניט געטהאָן. זיי האָבען מכריז ומודיע געווען, אַז יעדער, ווער עס לייקענט אין מאַרקס'ן—לייקענט אין דעם סאָציאַליזם און איז אַ'ן אפיקורוס לכל הדעות. אויף אַזאַ אופן האָבען די מאַרקסיסטען געשטעלט זיך אויף אַ פאַלשען וועג. אָנשטאָט צו זאָגען: אין וואָס בע-שטעהט דער טומעל, צי איז דען מאַרקס הלכה למשה מסני?—האָבען זיי אָנגעהייבען פיהרען אַ קאַמפף געגען די קריטיקער מיט אַזוינע מיטלען, וועלכע פאַסטען גאָר ניט פאַר מענשען, וואָס ווילען „וויססענשאַפטליך" צו בע-גרינדען דעם סאָציאַליזם. „וויססענשאַפטליך" איז נאָר דאָס, וואָס פערהיי-ליגט ניט יעדען אַרויסגעזאָגטען וואָרט, כאָטש אפילו איהם האָט געקענט זאָגען מאַרקס אַלליין, אָבער אַיינשפאַרען זיך און זאָגען, אַז וואָס מאַרקס האָט געזאָגט איז קודש-קדשים, האָט מיט דער וויססענשאַפט גאָר ניט צו טהאָן. די שטרענגע מאַרקסיסטען האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען „אָרטאָדאָקסען" (ד. ה. אַזוינע, וואָס האַלטען זיך שטרענג אָן די אַלטע מיינונגען), און אין דיעזען הינזיכט זיינען זיי ניט בעססער פון יענע פרומע מענשען, וועלכע האַלטען זיך, למשל, ביי זייער מיינונג, אַז די ערד שטעהט אויף איין אָרט (אין פיעל יאָהרהונדערטען אַרום נאָך קופּערניקוס און גאַליליי).... ווייל אַזוי שטעהט געשריעבען אין דער תורה. די פרומע ווייזען אָן אויף דער תורה און די מאַרקסיסטען אויף מאַרקס'ן!... די הויפט אויפגאַבע ביי די רעוואָליוציאָנערע סאָציאַליסטען בעשטעהט דאָך אין דעם, אַז די „קרי-טיקער", ווי בערענשטיין מיט זיין כנופיא, וועלכע האָבען אויפגעהייבען די פאָהן פון „קריטיק" אים נאָמען פון דעם „אָפּאָרטוניזם" „בערעכענטקייט", זאָללען ניט פערדאַרבען דעם רעוואָליוציאָנערען גייסט פון די אַרבייטער-מאַססען און זאָללען זיי ניט פערפיהרען אין דער שטעהענדיגער בלאָטע פון דעם רוהיגען „רעפאָרמיזם", אָבער די רעוואָליוציאָנערע סאָציאַליסטען קענען זיך בשום אופן ניט שטעלען די אויפגאַבע ראַטעווען... דעם מאַרק-סיזם. אין זיין צייט האָט דער מאַרקסיזם געשפּיעלט טאַקי אַ גרויסע ראָליע, אָבער צי דורך דעם זיינען מיר מחויב צו האַלטען זיך אָן איהם, כאָטש אפילו דאָס לעבען האָט זיך פיעל אומגעענדערט? אַזאַ אויפגאַבע קענען מיר זיך ניט שטעלען. אדרבה, מיר מוזען שטעהן שטענדיג אויף דער הויך פון דער וויססענשאַפט און אַללעס אַריינברייינגען אין דעם שמעלץ-אויווען פון דער קריטיק, כדי אַללעס זאָל קלאָר זיין פאַר אונזערע אויגען און מיר זאָללען ניט לעבען אין חלום. שטעלענדיג זיך אויף דעם שטאַנד-פונקט פון קריטיק, ערפילען מיר ערשט אונזער חוב פון מענשען, וועלכע געהן ניט נאָך בלינדהערהייט נאָך קיינעם ניט, אפילו נאָך מאַרקס'ן אַלליין, דעם חוב פון מענשען, וועלכע זיינען בעזעעלט מיט דעם אמת'ן גייסט פון דער וויססענשאַפט. אונזער קריטיק איז ניט גלייך צו דער „אויך מיר

קריטיק" פֿון דעם הערר בערענשטיין און זיין קאָמפּאַניע, אין דער צייט, ווען די „קריטיק" פֿון אַזוינע העררען האָט בדעה אַראָבפֿיהרען דעם אַר־בייטער קלאַסס פֿון זיין רעוואָליוציאָנערען וועג, האָט אָבער אונזער קרי־טיק דעם שטאַרקען וואונש אַיינפֿעסטיגען און בעקרעפֿטיגען דעם רעוואָ־ליוציאָנערען גייסט פֿון דעם אַרבייטער קלאַסס, אַיינפֿלאַנצען אין זיין האַר־צען נאָך שטאַרקער די רעוואָליוציאָנערע געפֿיהלען, געבען אין זיין האַנד אַ מעכטיגערע געוועהר, די געווערה פֿון וויססענשאַפֿט און פֿון דעם נאָכזוכען נאָך דעם אמת. ניט מיט דעם וועלען מיר פֿערהאַרטעווען דעם אַרבייטער קלאַסס אין זיין קאַמפּף מיט דער בורשוואַזער אָרדנונג, וואָס מיר וועלען פֿערהייליגען אין זיינע אויגען אַזאַ לעהרע, ווי דעם מאַרק־סיזם, און פֿערוועהרען אָבטרעטען פֿון איהם אפילו אויף אַ קוצו של יוד. דאָס פאַסט פֿאַר אונז ניט און ניט מיט דעם וועלען מיר מנצח זיין אונזע־רע פֿיינד. מיר נויטהיגען זיך בשום אופן ניט אין אַזוינע מיטלען! אויב מיר נויטהיגען זיך יע אין עפּעס וואָס, איז דאָס אין ליכט, קריטיק און אין דעם נאָכזוכען נאָך דעם אמת. די אַלטע טעאָריע, ווי שעהן און גלענצענד זי זאָל ניט זיין, אָבער ווי באַלד זי האָט אָנגעוואָרען דעם פֿונדאַמענט אויף וועלכען זי שטעהט, מוז אָבטרעטען איהר אָרט פֿאַר דער אַנדער טעאָריע, וועלכע קומט זי אָבצו׳ירש׳ענען. דאָס איז אַ אונפֿערמיידליכע זאַך, אַזוי האָט דאָס פאַסירט ביז איצטער און אַזוי וועט דאָס ווייטער פאַסירען און דער סאָציאַליזם קען אין דיעזען הינזיכט קיין אויסנאַהם ניט זיין. עס קען געמאָלט זיין, אַז עס וועלען זיך געפֿינען אַזוינע מענשען, וועלכע וועלען זיך אַרומוואַרפֿען מיט דעם וואָרט „קריטיקער" און דערביי וועלען זיי וועלען אָנווינקען, אַז מיר שטעהן כלומר׳שט אויף דעם אייגע־נעם באָדען, ווי די בערענשטייניאַנער, די „רעוויזיאָניסטען". מיר האָבען אָבער קיין שום מורא ניט פֿאַר ווערטער. מיט ווערטער קען מען שרעקען נאָר קינדער, אָבער ניט קיין דערוואַקסענע מענשען. ווען אַזוינע מיני מענשען וועלען האָבען בדעה דאָס צו טהאָן, דאַן האָבען אַלע דאָס רעכט צו זאָגען: המוציא מהברו עליו הראיה, בעוויזט אונז, אַז איהר זייט גערעכט, אַז די קריטיק פֿון די רעוואָליוציאָנערע סאָציאַליסטען איז דיזעלביגע ווי די „קרי־טיק" פֿון די בערענשטייניאַנער, דאַמאָלס וועלען מיר אייך גלויבען, כל זמן אָבער איהר האָט דאָס ניט בעוויזען קענען מיר אַייערע ווערטער קיין בעזאָנדערען ווערטה ניט צוגעבען. די צייט פֿון ווערטער אין דער וועלט אַריין איז פֿאָרביי. אונז וועלען אַזוינע פֿאַללען ניט אָבהאַלטען פֿון אונזער קריטישער אַרבייט, מיר האַלטען פֿאַר אונזער הויב צושטערען אַלע געטשקעס, וואו נאָר זיי זיינען פֿאַרהאַן, און אין דעם כולל אויך דעם געטשקע פֿון גלויבען אָהן אַ בעגרינדונג אין אַ לעהרע, וועל־כע האָט שוין אָנגעוואָרען פֿיעל פֿון איהרע יסודות און דעריבער זאָגען מיר זיך: פֿאָרווערטס, צו דער אַרבייט!

ד ע ר  א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

# דער ענדע ציעל און דער טאג-טעגליכער קאמפף פון דעם רעוואלוציאנערען סאציאליזם.

פאַר די פריהערדיגע אוטאָפּיסטען *) איז דער „ענדע-ציעל“ פון דעם רע-וואָליוציאָנערען סאָציאַליזם געוועזן גאַנץ קלאָר און דייטליך. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער „ענדע-ציעל“ קען באלד, מיט איין קלאַפּ פער-ווירקליכט ווערען און דעריבער דאַרף מען אָנווענדען אַללע כחות, כדי וואָס גיכער דורכפיהרען איהם אין לעבען. דער העלער שיין פון דעם אי-דעאַל האָט אַזוי פערבלענדעט זייערע אויגען, אַז זיי האָבען גאָר ניט געזעהען, אַז עס עקזיסטירט אַ פראַגע וועגען איבערגאַנגס-שטופען ביז מען וועט דערגרייכען דעם סאָציאַליזם. די פראַקטישע אויפגאַבע, וועל-כע די אוטאָפּיסטען האָבען זיך געשטעלט, איז געוועזן זעהען צו שאַפען דעם העכסטען סאָציאַלען לעבען. דערביי פלעגען איינע להלוטין גאָר ניט

---

*) אַלע יענע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען ניט בעגרינדעט דעם סאָציאַליזם אויף דעם קלאַססען-קאַמפף, רופען זיך אָן מיט'ן נאָ-מען סאָציאַליסטען-אוטאָפּיסטען, ווייל זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער סאָציאַליזם וועט פערווירקליכט ווערען ניט דורך דעם, וואָס דער אַרבייטער קלאַסס וועט פיהרען אַ קאַמפף מיט דער אַלטער אָרדנונג און נויטהען זי, אַז זי זאָל איבערגעבויט ווערען אין דעם סאָ-ציאַליסטישען זינן, נאָר דורך אַנדערע מיטטלען. למשל, אייניגע האָבען פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל גרינדען קאָאָפּעראַטיווע חברות, אַנדערע האָבען געגרינדעט קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע, דריטע — האָבען געפונען פאַר נויטהיג צו פריידיגען פאַר די רייכע, אַז זיי זאָל-לען ווערען ווייכהערציגער און פערבעסערען די לאַגע פון דעם אַרבייטער קלאַסס. אַזוי ווי דורך אַזוינע וועגען איז אונמעגליך צו קו-מען צום סאָציאַליזם, דעריבער האָט מען אָנגערופען אָט די אַלע סאָציאַליסטען מיט'ן נאָמען „סאָציאַליסטען אוטאָפּיסטען“, ד. ה. סאָציאַ-ליסטען, וועלכע גיבען זיך אָב מיט אוטאָפּיען, אָדער מיט פוסטע חלומות, אָבער ניט מיט דער ווירקליכקייט.

רעכענען זיך מיט דער ווירקליכקייט, מיט די אַרומיגע פֿאַקטען פֿון לעבען, טראַכטענדיג אַז ביי אַללע פֿערשיעדענע פּאָליטישע, געזעלשאַפֿטליכע און קולטורעלע פֿאָרמען פֿון לעבען איז מעגליך צו גרינדען פֿאַלאַנסטע-רען און קאָמונען *). אַנדערע פֿון די אוטאָפּיסטען, וועלכע די ביטערע ער-פֿאַהרונג האָט שוין אָנגעלערנט, וואָס אייגענטליך בעטייט די ווירקליכ-קייט, אין דער צייט ווען זיי האָבען זיך צוזאַממענגעשטויסען מיט דער פֿיינדליכער „אַלטער וועלט", האָבען געוואָלט אוועקגעהן פֿון דיעזער „פֿערשימעלטער וועלט" און זוכען ערגעץ אַנדערש אַ פֿרייען, ניט פֿערשמוצטען באָדען, כדי דאָרטען אויפֿבויען דעם נייעם סאָציאַלען בנין. דיעזע זייערע געדאַנקען האָבען זיי גערעכענט פֿערווירקליכען אויף דעם גרויסען שטח פֿון אַמעריקע אָדער אויף די ניט-בעפֿעלקערטע אינזלען (וויספעס) פֿון דעם שטילען אָקעאַן. לסוף, דריטע, זיינען געקומען צום בעשלוס, אַז מען דאַרף פֿערנעהמען זיך מיט דער צושטערונג פֿון דער איצטיגער אָרדנונג, כדי אָבריינגען אַ פּלאַץ פֿאַר דער נייער וועלט, וועלכע וועט ניט אַרויסשפּראָצען און אויסוואַקסען פֿון דער אַלטער וועלט, נאָר וועלכע וועט בעשאַפֿען ווערען אויף דאָס ניי אויף די חורבות פֿון דער אַלטער וועלט.

דער זאָגענאַנטער „וויססענשאַפֿטליכער סאָציאַליזם" פֿון מאַרקס און ענגעלס האַלט זיך דער מיינונג, אַז ער איז אַ היפוך צו זיינע גייסטיגע פֿאָרגענגער און האָט מיט זיי גאָר ניט צו טהאָן, ווייל נאָר מיט דעם, וואָס ער האָט זיך געשטעלט אויף אַ אַנטקעגענדיגער פּאָזיציע געגען זיינע פֿאָרגענגער, האָט ער זיך אַלליין ענטדעקט. „דער אַרבייטער קלאַסס דאַרף ניט דורכפֿיהרען קיינע פֿאַרטיגע אוטאָפּיען מיט דער הילף פֿון פֿאָלקס בעשטימונגען. דער אַרבייטער קלאַסס ווייס, אַז צוליעב דעם, כדי ער זאָל דערשלאָגען זיך זיין בעפֿרייאונג, און אין דערזעלבינער צייט אויסצואַרבייטען די העכסטע פֿאָרם פֿון צוזאַממענלעבען, צו וועלכער עס געהט אונפֿערמיידליך די איצטיגע געזעלשאַפֿט מיט איהר גאַנצער עקאָ-נאָמישער ענטוויקלונג, שטעהט איהם פֿאַר אויסשטעהן אַ האַרטען און אַ שווערען קאַמפּף, דורכגעהן אַ גאַנצע רייהע פֿון היסטאָרישע פּראָצעסען, וועלכע ווירקען, אַז ווי די מענשען, אַזוי אויך די אומשטענדען זאָללען לגמרי אומגעענדערט ווערען און בעקומען אַ'ן אַנדער אויסזעהען. דער אַרבייטער קלאַסס האָט ניט צו פֿערווירקליכען קיינע אידעאַלען, ער האָט נאָר די אויפֿגאַבע צו בעפֿרייען די עלעמענטען פֿון דער נייער געזעלשאַפֿט, וועלכע האָבען זיך שוין ענטוויקעלט אין

---

*) דער אוטאָפּיסט פֿוריע (אַ פֿראַנצויז) האָט פֿאָרגעלייגט, אַז די מענשען זאָללען זיך צוטהיילען אויף מחנות (פֿאַלאַנסטערען) צו 1600—1800 מאַן. יעדער מענש בעשעפֿטיגט זיך מיט דער אַרבייט, וועלכע איז איהם בעליעבט. קאָמונען הייסען גלאַט אַזוינע חברות, וואו אַלעס ווערט אויסגעאַרבייט און פערברויכט געמיינזאַם.

איוועניג פֿון דער פֿאַנאַנדערפֿאַלענדער בורשזואַזער געזעלשאַפֿט" *).
דיעזעווערטער פֿון מאַרקס בעווייזען אונז דעם מקור פֿון וואַנען עס שטאַמען אַללע יענע „אויסערסטע מיינונגען" פֿון דעם מאַרקסיזם, פֿון וועלכע ער אַלליין שטרעבט פטור צו ווערען: אי פֿון דער מיינונג, אַז אידעאַלען האָבען קיין ווערטה ניט, אי פֿון דער מיינונג, אַז נאָר אַליין דער נאַטירליך „היסטאָרישער פראָצעס" פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג וועט זיין דער אמת'ער גואל פֿון דער מענשהייט. ז מיר קענען כמעט זיכער זאָגען, אַז מיר וואָלטען ניט געהאַט די אַללע אויסערסטע און שוואַכע זייטען פֿון דעם מאַרקסיזם, ווען מאַרקס, בעת ער האָט בעשאַפֿען זיין טהעאָריע, וואָלט זיך פֿערהאַלטען צו די אַללע פֿראַגען אַ ביסעל פֿרייער, ווען ביי דער לויזונג פֿון דיעזע פֿראַגען וואָלט ער וועניגער גע-טראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי האָבען געלויזט דיעזע פֿראַגען די אוטאָ-פיסטען, און ווען ער וואָלט זיך וועניגער בעמיהט צו זאָגעז זיי „אויף צו להכעיס". עס געהט אַ גלייכווערטעל, אַז צבוע'שאַפֿט איז די לעצטע גאָב, וועלכע די שלעכטס צאָהלט דער גוטס, אַזוי איז אויך דער שטרעבען צו זאָגען אַלין דעם היפוך, וואָס די פֿאָרגענגער האָבען געזאָגט, די לעצטע גאָב, וועלכע די נאָכקומענדע דורות צאָהלען זייערע פֿאָרגענגער פֿאַר זייער געוועלטיגונג איבער די מחות.

די בעגרינדער פֿון דעם „וויססענשאַפֿטליכען סאָציאַליזם" האָבען אויך אָבגעצאָהלט זייער גאָב דעם אוטאָפיזם. סטאַרענדיג זיך צו בעקעמפֿען איהם, זעהענדיג אויסצוראָטען פֿון זייערע אייגענע מיינונגען אפילו די גוטע זייטען פֿון דעם אוטאָפיזם, האָבען זיי אָט מיט דעם אַלליין ניט דערלאָזען, אז זיי זאללען זיך בעפרייען פון יענע מיינונגען און געדאַנקען, מיט וועלכע עס איז געוועז דורכגעדרונגען דער אוטאָפיזם. וואָס האָבען געטהאָן די אוטאָפיסטען? זיי האָבען אַוועקגעשטעלט פנים אל פנים געגען דעם נאַ-טירליכען גאַנג פֿון דער ענטוויקלונג פֿון היינטיגער געזעלשאַפֿט זייער אייגענע „רעוואָלוציאָנערע בעגייסטערונג" און זייער אידעאַל, און בשעת מעשה האָבען זיי געהאַט אין זינען, אַז ווען די מענשהייט וועט אָננעהמען זייער אידעאַל, וועלען זיי באַלד אָהן שהיות אָבשאַפֿען די היינטיגע אָרדנונג. פֿון דער שטעלע, וועלכע מיר האָבען אויבען ציטירט פֿון מאַרקס אַ ווערק, איז זעהר בולט דיעזער געדאַנק, נאָר ער איז אַוועקגע-געשטעלט געוואָרען גאָר קאַפּויר: ניט דער אידעאַל וועט אָבשטויסען דעם נאַטירליכען גאַנג, נאָר להיפוך, דער נאַטירליכער גאַנג פֿון דער ענטוויקלונג שטויסט אָב אָן אַ זייט דעם „אידעאַל". שפעטער האָט די פּאָלעמיק פֿערשאַרפט נאָך מעהרער דיעזען שטריך פֿון דעם מאַרקסיזם. מעהר קונץ, זי האָט דעם מאַרקסיזם אַפילו אָנגעטהאָן אַ שאָדען מיט דעם, וואָס זי האָט פוגם געווען דער „וויססענשאַפֿטליכקייט" פֿון דעם

---

*) „דער בירגערקריעג אין פֿראַנקרייך" פֿון מאַרקס. בערלין, 1891, זייטע 48.

מאַרקסיזם. די תלמידים פֿון מאַרקס און ענגעלס זיינען אַזועק נאָך ווייטער פֿון די לעהרער, עס איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז מאַרקס אַלליין האָט אויסגעשפּראָכען די בעריהמטע געוואָרענע ווערטער: „וואָס אַנבעלאַנגט מיר, בין איך קיין מאַרקסיסט". ענגעלס האָט אויך געפֿונען פֿאַר נויטהיג אָנ-שרייבען אַ בריעף קאָנראַד שמידט׳ן, אין וועלכען מיר לעזען די פֿאָלגענ-דע ווערטער: „מאַרקס און איך זיינען אַלליין שולדיג אין דעם, וואָס די תלמידים אונזערע האָבען אַריבערגעבאַפּט די מאָס און האָבען געמאַכט פֿון דעם עקאָנאָמישען פֿאַקטאָר אַזאַ וועזען אַ סך אַ גרעסערען, איידער זי פֿערדיענט דאָס אין דער ווירקליכקייט. אונז, בעת מיר זיינען אַרויסגע-טראָטען מיט אונזער לעהרע, איז אויסגעקומען בעזונדערס אונטערשטריי-כען דעם גרונד-פּרינציפּ, וועלכען אונזערע געגנער האָבען אָבגעלייקענט, און דעריבער האָבען מיר קיינמאָל ניט געהאַט ניט קיין צייט, ניט קיין פּלאַץ און ניט קיין געלעגענהייט אָנצווייזען אויף די איבעריגע עלעמענ-טען, וועלכע עס ווירקען איינע אויף די צווייטע". ווייטער שרייבט ענגעלס אין דעמזעלביגען בריעף: „צום בעדויערען, טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט, אַז מענשען, וועלכע האָבען קוים דורכגענומען די הויפּט גרונדזאַטצען פֿון דער נייער טהעאָריע, אין דאָס אויך ניט אין אַללע פּרטים, מיינען, אַז זיי האָבען זי פֿערשטאַנען ווי געהעריג איז און קענען שוין מיט איהר בענוצען זיך. איך קען זיך ניט אַנהאַלטען ניט אויסצואַרפֿען איינינע פֿון די נייעסטע מאַרקסיסטען, וועלכע האָבען אין דיעזען הינזיכט אָנגערעדט זעהר משונה׳דיגע זאַכען".

דיעזע ווערטער פֿון ענגעלס ווייזען אָן אויף דעם, אַז אין דעם מאַרקסיזם געפֿינען זיך איינינע ניט גאָר ריכטיגע עלעמענטען און דעריבער איז מעגליך אי צו קריטיקירען די שוואַכע זייטען פֿון דעם מאַרק-סיזם אי צו פֿערריכטען איהם. עס וואָלט אויך געווען אַ ביטערע עבירה צו זאָגען, אַז די „קריטיקער" האָבען ניט אויסגענוצט דיעזע מעגליכקייט. דערזעלביגער „קריטיקער" בערענשטיין האָט אויסגעדריקט זיך גאַנץ קלאָר: „מאַכען חוזק פֿון דעם אידעאַל און זאָגען, אַז נאָר די מאַטעריעלע פֿאַק-טאָרען זיינען די איינציגע כחות פֿון דער ענטוויקלונג הייסט דאָס אָבנאַ-רען זיך זעלבסט *)". „איך הייב גאָר ניט אָן צו רעכענען, אַז דער נצחון פֿון דעם סאָציאַליזם היינגט אָב נאָר פֿון דער „עקאָנאָמישער נויטהווענ-דיגקייט"; מיין מיינונג איז, אַז עס איז אונמעגליך און אויך אונגויטהיג צו בעגרינדען דעם סאָציאַליזם נאָר מיט׳ן מאַטעריאַליזם **)". אין פֿלוג, האָט מען זיך געקענט מיט זיכערהייט ריכטען, אַז די מענשען, וועלכע זאָגען אַרויס אַזוינע מיינונגען וועלען זעהען מאַכען אַ סינטעז פֿון דעם

---

*) בערענשטיין: וועגען די פֿאָראויסזעצונגען פֿון דעם סאָציאַליזם און די אויפֿגאַבען פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. שטוטגאַרט, 1899, זייטע 187.

**) דיטע, זייטע 178.

טעאָרעטישען רעאַליזם מיט דעם פּראַקטישען אידעאַליזם *), א סינטעז, צו וועלכען עס שטרעבט פֿון לאַנג אָן דער רוססישער רעוואָליוציאָנערער געדאַנק. און דאָך—רחמנא ליצלן—דערזעלביגער בערענשטיין, וועלכער האָט אָנגעשריעבען די אויבענדערמאָהנטע ווערטער האָט אָנגעשריעבען אויך די געריהמט-געוואָרענע פֿראַזע: „דער ענדע-ציעל האָט פֿאַר מיר קיין שום ממשות ניט, די בעוועגונג איז פֿאַר מיר אַליך". „פֿון דער פֿראַזע זעהען מיר, אַז בערענשטיין זאָגט זיך אָב פֿון יעדער אידעאַל. פֿרעגט זיך: ווי זאָל מען ערקלערען דיעזען ווידערשפרוך? אונז דוכט זיך, אַז אויף דיעזער פֿראַגע איז ניט שווער צו ענטפֿערען. אַזאַ ווידערשפרוך קומט אַרויס אַלין טאַקי פֿון דער איינפֿאַכער סבה, וואָס בערענשטיין, אַלס אַ געוועזענער מאַרקסיסט, וועלכער האָט מדקדק געווען אין יעדער אות פֿון דעם מאַרקסיזם, קען זיך בשום אופן ניט אַרויסדרעהען פֿון דעם קרייז פֿון זיינע אַלטע געדאַנקען און אידעען און דריבער בעשטעהט סוף כל סוף זיין גאַנצע „קריטיק" מעהר נישט ווי אין דעם, וואָס ער דרעהט אַרום אַהין און אהער די עלעמענטען פֿון זיין געוועזענער וועלט-אַנשויאונג. די אָרטאָראָקסאַלע מאַרקסיסטען גלויבען, אַז דער מעכאַנישער צוזאַמענהאַנג פֿון די פֿאַסירונגען בעשאַפֿט מיט א זעהר אָנגעשטרענג-טער קראַפֿט און ווערט נאָך געזויס בעשאַפֿען די סאָציאַליסטישע אויסאַר-ביטונג פֿון פּראָדוקטען, פֿון וועלכע עס ווערט דאַרפֿען אַראָבגעוואָרפֿען ווערען מעהר ניט ווי איהר קאַפּיטאַליסטישע פֿאָרם, דאָס איז ערשטענס. צווייטענס, ווערט דיזעלביגע מעכאַנישע צוזאַמענבינדונג פֿון די געשע-הענישען אַזוי שטאַרק ענטוויקלען דעם געגענזאַץ צווישען דיעזער קאַפּי-טאַליסטישער פֿ אָ ר ם פֿין דער פּראָדוקציאָן און צווישען איהר אינערלי-כער אָרדנונג, וועלכע ווערט שוין אין גאַנצען פֿאָרבערייט זיין צום סאָציאַ-ליזם, אַז די פֿערעלטערטע פֿאָרם ווערט פשוט ניט קענען האַלטען זיך מחמת ריין ווירטשאַפֿטליכע בעדינגונגען און ווערט מוזען פֿערשוואונדען ווערען. די שפּעטערדיגע פֿאַקטען פֿון לעבען האָבען אונטערגעהאַקט אַביסעל די פֿליגלען ביי דעם אָפּטימיסטישען געדאַנק וועגען דעם מעכאַנישען „נאַ-טירליכען גאַנג פֿון די געשעהענישען", ווייל דער „נאַטירליכער גאַנג" איז גאָר ניט אַזוי „נאַטירליך", ווי די מאַרקסיסטען האָבען וועגען איהם גע-טראַכט. אין פֿלוג, וואָס האָט מען געקענט דערפֿון אַרויסדרינגען? — ניט מעהר און ניט ווייניגער, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו לייגען אונזערע האָפֿנונגען נאָר אויף דעם „נאַטירליכען גאַנג פֿון די געשעהענישען".

---

*) אַ סינטעז הייסט אַ בעהעפֿטונג, אַ צוזאַמענבינדונג; טעאָרע-טישער רעאַליזם הייסט, אַז די טעאָריע קען בעגרינדעט זיין נאָר אויף דער ווירקליכקייט, נאָר אויף רעאַלע פֿאַקטען; פּראַקטישער אידעאַליזם הייסט דער אידעאַליזם, וועלכער בעגייסטערט די מענשען צו פֿערווירק-ליכען די אָדער יענע אידעאַלען אין לעבען, דורכפֿיהרען דעם אידעאַל אין דער פּראַקטיק.

וואָס שזע טהוען אָבער די „קריטיקער"? זיי קענען פֿון דיעזער פֿערפלאָנ־טערניס ניט אַרויסקריכען. ביי זיי אין מח זיינען אַזוי צוזאַמענגעבונדען די השגה וועגען דעם נצחון פֿון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל מיט דער השגה וועגען דעם פֿון זיך־אַלליין׳יגען איינפֿאַלען פֿון היינטי־גער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, אַז אין דער צייט ווען ביי זיי איז געוואָ־רען גאָר אין גאַנצען אַ ספק, צי בכלל „גראָבט זיך אונטער די היינטיגע אָרדנונג אונטער זיך זעלבסט" און צי ברייגגען די פאַסירונגען אַלליין דערצו, אַז עס זאָל אָבשטאַרבען די היינטיגע אָרדנונג און אויף איהר אָרט זאָל געבאָרען ווערען אַ נייע אָרדנונג, האָבען זיי זיך אויף דעם אַלליין ניט אָבעשטעלט, זיי האָבען אָנגעהייבען צווייפֿלען אפילו אין דעם ענדע־ציעל. די „קריטיקער" די חכמים האָבען דעריבער אָנגעהייבען גע־בען געפֿעהרליכע עצות וואַרפֿען די פוסטע חלומות וועגען דער צוקונפֿט און פֿערנעהמען זיך מיט דער היינטיגער צייט, מיט רעעלע מעשים.

בערענשטיין, למשל, וועלענדיג אָב׳טענה׳ן זיך, אַז ער האָט גאָר ניט געמיינט מיט זיין פֿראַזע וועגען דעם ענדע־ציעל גאָר אין גאַנצען פֿערגעסען אָן דעם סאָציאַליזם, כאַפּט זיך אָן אָן מאַרקס אויבענדערמאָהנ־טע פֿראַזע, אַז דער אַרבייטער קלאַסס „האָט ניט צו פֿערווירקליכען קיינע אידעאַלען". „אָט דאָס איז דער עצם, ווען אפילו ניט אין אַללע פרטים, פֿון מיין געדאַנק, וועלכען איך האָב געהאַט אין זינען" — זאָגט בערענ־שטיין. „ווייל דיעזער געדאַנק זאָגט אַרויס די מיינונג, אַז די בעוועגונג, איז אַלץ און יעדער ציעל, וועלכען מען שטעלט זיך פֿון פֿריהער אָן, האָט אין פֿערגלייך מיט איהם כמעט קיין ווערטה ניט". נאָר דאָ שפּרינגט אַרויף אויפ׳ן זינען אַ קלאָץ־קשיה, וואָס פֿאַר אַ זינן האָט דאָס צו פֿער־גלייכען דעם „ענדע ציעל פֿון דער בעוועגונג" מיט דער בעוועגונג זעלבסט און אויפֿווייזען, אַז איינס האָט מעהר ווערטה פֿון דאָס אַנדערש? קענט איהר דאָך חס ושלום מיינען, אַז בערענשטיין האָט מיט דיעזע ווערטער פֿערענטפֿערט און קלאָר געמאַכט אַלץ, נאָר האָט קיין טעות ניט, פֿון קלאָרהייט איז דאָס ווייט. אדרבה, די שפּעטערדיגע זיינע ערקלערונגען פֿערדונקעלן נאָך מעהר די פֿראַגע און בעצם קען מען פֿון זיי אַרויס־דרינגען, אַז ער זאָגט זיך אָב פֿון זיינע פֿריהערדיגע רייד. בערענשטיין זאָגט אין אַ׳ן אַנדער אָרט: „איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט, אַז איך זאָג זיך געררן אָב אַזוי אויסצוטייטשען מיינע ווערטער וועגען דעם ענדע־ציעל, אַז מיט זיי האָב איך כלומר׳שט געמיינט, אַז יעדער אַללגעמיינער ענדע־ציעל, וועלכען עס שטעלט זיך די אַרבייטער בעוועגונג, אַלס אַ פּרינציפּ, איז גאָר נישט ניט ווערטה. ניט דאָס האָב איך געמיינט. איך קוק אויף דעם ענדע־ציעל, וועלכען עס שטעלט זיך די בעוועגונג, ווי אויף אַ פּרינציפּיעלען וועג־ווייזער פֿאַר איהר און מעהר ניט. אָבער אַללע גוזמאות, וועלכע מען רעדט אָן וועגען דעם ענדע־ציעל און וועגען די רעזולטאַטען (די פועל־יוצא׳ס) פֿון דער בעוועגונג, מוזען זיך ענדיגען מיט גאָר נישט און מיט דער צייט מוזען זיי ווערען אַ׳ן אמת׳ע

מניעה, אַ שטער פֿאַר דער בעוועגונג זעלבסט *)". אָבער אפילו פֿון דיזער ערקלערונג קענען מיר אויך גאָר נישט ניט אַרויסדרינגען, ווייל ביי בערענשטיינען געפֿינען מיר אַזוינע אויסדריקען וועגען דעם פּראָלעטאַריאַט ווי וועגען „אַ קלאַסס, וואָס פּראָגרעסירט אין דער געשיכטע" און „צי שטעלט ער (ד. ה. דער פּראָלעטאַריאַט) זיך אַ וועלכען ניט איז ענדע ציעל האָט דאָס בעצם אַ קליינע בעדייטונג, ווי באַלד ער זעהט ענערגיש צו קעמפּפען פֿאַר זיינע נאָהענסטע ציעלען **)". פֿון דיזע אלע שטעלען איז צו זעהען, אַז בערענשטיין וויעגט זיך אַהער און אַהין און קען ניט קומען אין גלייכגעוויכט און דעריבער דאָס, וואָס ער שפּאָטעט אָן דעם אַלטען מאַרקסיזם פֿאַר דעם, וואָס ער מאַכט הוזק פֿון דעם „אידעאַל", האָט בעצם קיין ממשות ניט..

בכן, זעהען מיר, אַז דער רוססישער רעוואָליוציאָנער, וועלכער האָט די בעדערפֿנים צו סינטעזירען דעם רעוואָליוציאָנערען אידעאַליזם מיט דער ווירקליכקייט, קען זיך ניט בעפֿריעדיגען ניט מיט דעם, ווי אַזוי די פֿראַגע איז געשטעלט געוואָרען ביי די אוטאָפּיסטען, ניט מיט דער פֿעראַכטונג פֿון יעדען „אידעאַל" און „אידעאָלאָגיע" ביי די מאַרקסיסטען און ניט מיט דעם קריטישען מאַרקסיזם, וועלכער וויל, אַז דער אידעאַל זאָל אונטערגעטהעניגט זיין אונטער דער נאָהענסטער פּראַקטישער, טאָג-טעגליכער אַרבייט. פֿון דאַנען נעהמט זיך די נייגונג פֿון די רוססישע רעוואָליוציאָנערען צו דעם סאָציאָלאָגישען סוביעקטיוויזם ***), צו דער דינאַמישער סאָציאָלאָגיע, צו אַזאַ סאָציאָלאָגיע, וועלכע זאָל זיין קודם כל אַ פֿילאָזאָפֿיע פֿון דער רעוואָליוציאָנערער טהאַט. מיר וועלען וועגען דעם אַ סך ניט מאריך זיין, ווייל דאָ איז קיין פּלאַץ ניטאָ צו פֿערנעהמען זיך מיט דער ריין פֿילאָזאָפֿישער בעגרינדונג פֿון דיזער לעהרע. מיר ווילען דאָ מעהר ניט ווי בעריהרען די פֿראַגע, ווי אַזוי איז מעגליך פּראַקטיש צוזאַמענבינדען דעם ענדע-ציעל מיט דעם טאָג-טעגליכען קאַמפּף פֿון דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאַליזם.

---

דאָס פּראָגראַם פֿון יעדער פּאָליטישער פּאַרטיי טהיילט זיך נאַטירליך פֿאַנאַנדער אויף צוויי טהיילען. איין טהייל דריקט אויס דעם סאָציאַל-פּאָליטישען אידעאַל פֿון דער פּאַרטיי, דעם אידעאַל צו וועלכען עס שטרעבט די פּאַרטיי. דער ענדע-ציעל איז גלייך צו אַ שטערן אַ וועג-פֿיהרער, ער איז גלייך צו אַ לייכט טהורם, וועלכער בעלויכט דער פּאַרטיי דעם וועג,

---

*) בערענשטיין: זייטע 171.

**) דיטע. זייטע 187.

***) ד. ה. אַז אין דער געשיכטע שפּיעלט אַ גרויסע ראָליע די פּערזענליכקייט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער דער סוביעקט.

כדי זי זאָל זיך ניט פֿערליערען אין די זעהר פֿיעלע און פֿערוויקעלטע פֿראַגען פֿון דעם איצטיגען מאָמענט. פֿון דער ווייטער צוקונפֿט, וועלכע איז פֿערדעקט מיט אַ דיכטען שלייער, שיינט אַרויס דער אידעאַל פֿאַר די אויגען פֿון דער פּאַרטיי, דער אידעאַל רופֿט די פּאַרטיי אַלץ פֿאָר-ווערטס און פֿאָרווערטס. אין דעם אידעאַל ליעגט די בעוואָרעניש, אַז די פּאַרטיי וועט זיך קיינמאָל ניט בעפֿריעדיגען מיט דעם „היינט“, זי וועט בשום אופן ניט מאַכען קיינע פשרות מיט קיינעם ניט און אויסבייטען דעם איידעלען מעטאַל פֿון דעם ריינעם אידעאַלען פּרינציפּ אויף קופּער-נע, אָבגעריבענע גראָשענס פֿון קליינע אויסבעסערונגען. די פֿילאָזאָפֿישע רעוואָליוציאָנערע וועלטאַנשאונג זאָגט אונז, אַז די געשיכטע איז אַ שטענ-דיגער קאַמפּף, אַ שטענדיגע בעוועגונג. אַ רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי איז אַ לעבעדיגע פֿערקערפּערונג פֿון דעם דינאַמישען *) מאָמענט אין דער געשיכטע. אַ רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי קען זיך ניט שטעלען די אויפֿגאַ-בע, ווי אַזוי ביסלעכווייס אַריבערטרעטען פֿון איין טרעפּ אויף דעם אַנ-דער טרעפּ, ווי אַזוי טראָט ביי טראָט אַריינברייגען קליינע רעפֿאָרמען אין לעבען. אַ רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי קוקט אויף די רעפֿאָרען גאָר מיט אַנדערע אויגען. ווי נאָר עס פֿערווירקליכט זיך שוין אַ וועלכע עס איז רעפֿאָרם, ווי נאָר עס ווערט געלויזט אַ וועלכע עס איז סאָציאַלע אויפֿגאַבע, אַזוי זעהט זי שוין ווי דורך אַ שפּאַקטיווע אַ סך ווייטער, זי דרינגט אַריין אין דער ווייטער צוקונפֿט, וואו עס וועלען פֿערווירקליכט ווערען נייע רעפֿאָרמען, וואו עס וועלען אַרויסשפּרינגען נייע אויפֿגאַבען און אַזוי אָהן אַ סוף און אָהן אַ ברעג ....

בכן, זעהען מיר, אַז דער געזעלשאַפֿטליך-פּאָליטישער אידעאַל פֿון אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט אַ וויססענשאַפֿטליך-רעוואָליוציאָנערע וועלטאַנ-שאונג, טראַכט גאָר ניט צו פֿערווירקליכען דעם אמת׳ן „גן-עדן“ אויף דער וועלט, וואו אַלעס זאָל זיין אַבסאָליוט האַרמאָניש און גלאַט. פֿער-קעהרט, דיעזע רעוואָליוציאָנערע וועלטאַנשאונג לייקענט לגמרי אָב יעדע „אַבסאָלוטע זאַך“ זי זאָגט, אַז אַ „אַבסאָלוטע זאַך“ קען און דאַרף גאָר ניט עקזיסטירען, זי בעטראַכט די וועלט גאַנץ אַנדערש; פֿון איהר שטאַנד-פּונקט געפֿינט זיך אַלץ אין א שטענדיגער בעוועגונג, אין אַ שטענדיגער אומבייטונג פֿון די פֿאָרמען, אין אַ שטענדיגען קאַמפּף, אין אַ שטענדי-גען רייסען זיך פֿאָרווערטס. אין אַ שטענדיגען לעבען. אָבשטעלען דיעזען קאַמפּף, דערגרייכען אַזאַ מצב, וואו אללעס וואָלט געווען רוהוג און שטיל, וואו קיינעם וואָלט זיך אפילו בעסערס ניט געוואָלט, וואָלט דאָס געווען גלייך ווי מיר וואָלטען פֿערלאַנגען אָבשטאַרבען גייסטיג. אַ לע-בען, וואו אַלץ וואָלט זיך געצויגען אָהן אומענדערונגען און אָהן בעווע-גונג, ווען אפילו עס וואָלט פֿול געווען מיט די בעסטע פֿערגניגענס און

---

*) דינאַמיש הייסט בעוועגונג, וואָס רוהט ניט און שטעהט ניט אויף איין אָרט.

ערפאָלגען, וואָלט עס פאַר אַ לעבעדיגען מענשען, פאַר אַ מענשען מיט אַ רעוואָלוציאָנערען טעמפעראַמענט, קיין שום ממשות ניט געהאַט; אדרבה, אַזאַ מענש וואָלט אין איהם ממש דערשטיקט געוואָרען. דער גלייכווערטעל, „אַז אין גן עדן וואָלט געווען זעהר אומעטיג צו זיין”, איז צוגעפּאַסט ניט נאָר צו יענע מענשען, וועלכע וואָלטען ניט געוואָלט אָנ־קומען אַהין צו מחמת דעם, וואָס דאָרטען וואָלט זיי אויסגעקומען אָבהי־טען שטאַט, נאָר ער איז אויך צוגעפּאַסט אפילו צו יענע, וועלכע האַל־טען, אַז „פוילקייט” און „רוהיגקייט” איז פאַר זיי גאָר קיין אידעאַל ניט.

מיר וועלען ניט פערלייקענען, אַז אָפּטמאָל קענען מיר אָנשטויסען זיך אויף אַזאַ מין „אידעאַל” פון „רוהע” און „שטילקייט” אין די ליעדער, וועלכע לויבען דעם „גן־עדן”, וועלכער וועט אָנשטעהן אויף דער וועלט. אָט אַזוי לעזען מיר, למשל, אין איין ליעד: „דאָרטען, ווייט פון דעם אָרט וואו עס הערשט שלעכטע וועטער, געפינט זיך אַ גליקליכעס לאַנד, וואו שטענדיג לייכט דער הוממעלגעוועלב, וואו עס הערשען רוהע און שטלקייט”. אָט אַזאַ מין נאַרישע, ניט קיין וויססענשאַפטליכע פאַר־שטעלוינג וועגען דעם „ענדע־ציעל” פון דעם סאָציאַליזם קענען מיר פער־גלייכען מיט יענע פאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די רעליגיאָנען. מיר דאַרפען אָבער ניט פערגעסען, אַז אַזאַ מין אידעאַל פון די רעליגיאָנען איז כמעט קיינמאָל ניט געווען אַ קאַמפּפס ליעד פון דער פאָרערשטער מח:ה פון דעם געזעלשאַפטליכען קאַמפּף, נאָר אַ זיסענקע וויעג־ליעדעל, וועלכע גיסט אַרויף באַלזאַם פון טרויסט (נחמה) און פערגעסענהייט אויף די פרישע וואונדען פון די דערניעדע־ריגטע און בעליידיגטע... כדי די ערניעדעריגער און די בעליידיגער זאָל־לען פאַר זייערע מעשים ניט בעשטראָפט ווערען. נאָר דאָס, וואָס פאַסט פאַר רעליגיעזע חלומות און פאַנטאַזיען, פאַסט להלוטין ניט פאַר אַזאַ עפּאָכע, ווען עס ווערט אָנגעשטריינגט די געזונדסטע און די לעבעדיג־סטע געזעלשאַפטליכע ענערגיע. אַזאַ מין „אויך מיר אַ אידעאַל” קען גאָר אַרויף אויפ׳ן זינען נאָר אין אַזאַ צייט, ווען די מענשען וואָס אַרבייטען געניסען קיין פערגניגען ניט, ווען די מענשען פון קאַמפּף געניסען קיינ־מאָל קיין רוהע ניט, נאָר אין אַזאַ צייט קענען זיך אויסאַרבייטען אַזוינע אידעאַלען פון אַזאַ מין אוננאַטירליכען גליק, ווי אַ וועלט פון פריידען אָהן אַרבייט, פון גליק אָהן טהעטיגקייט, געניסען נאָר פון אַל דאָס גוטס און הנאה האָבען פון דער שעהנהייט—זייענדיג צוזאַממענגעבונדען מיט דער גאָטהייט, אָדער אָנזעטיגען זיך מיט דער גליקזעליגער רוהע פון נירוואַנע *). אָבער מיר, בעוואוסטזיניגע מענשען, וועלכע ווייסען

*) נירוואַנע דאָס איז די גאָטהייט פון די בודיסטען, וועלכע שטעלט זיך פאָר ווי אויביגע רוהע. יעדער בודיסט שטרעבט צו ניר־וואַנע, ד. ה. צו דער אויביגער רוהע.

וואָס דאָס לעבען בעטייט, וועלכע קעמפּפען מיט די אכזריות'דיגע, גרויליכע פאָרמען, אין וועלכע עס געפינט זיך יעדע בעוועגונג, יעדעס לעבען און יעדע ענטוויקלונג פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, וועלכע בעמיהען זיך איבערצובייטען איינע סאָציאַלע אָרדנונגען אויף אַנדערע, זיינען אויף אַ האָר אפילו ניט מסופק, אַז אונזערע קינדער, וועלכע וועלען האָבען אַ מעהר אויסגעשאַרפטען, העכערען און איידעלערען זינן צו פערשטעהן גוטס און שלעכטס, וועלען געוויס געפינען חסרונות אפילו אין יענעם אָרט, וואו אונז, וועלכע באָדען זיך אין דעם ים פון בלוט און שמוץ, דוכט זיך, אַז ער איז בעגאָסען מיט שטראַהלען פון וואַרעמקייט און ליכט. אונז, וועלכע טאַפּען אין דער פינסטער, פערבלענדעט אפילו אַ קליינער קוואַל פון ליכט, אָבער וועט שוין דען דאָס זיין אַ חידוש, וואָס אונזערע קינדער, וועלכע וועלען אויסנוצען די פּרוכטען פון אונזערע יסורים און קאַמפּף, וועלען זיין פיעל גליקליכער פון אונז? וועט שוין דען דאָס זיין אַ חידוש, וואָס זיי וועלען געפינען פלעקען אפילו אויף אונזער זונן **)? דיעזער בעוואוסטזיין דאַרף אונז ניט מאַכען אָבהענגיג, נאָר להיפוך, ער דאַרף אָנפילען אונזער האַרץ מיט פרייד פאַר דער גרויסקייט און ברייטקייט פון דער צוקונפט, פאַר דעם פראָגרעס, וועלכער איז בעשערט דער מענשהייט.

מיר דוכט זיך, אַז עס איז אונמעגליך בעסער צו כאַראַקטעריזירען די פסיכאָלאָגיע פון אַ היינטיגען רעוואָליוציאָנער, פון אַ רעוואָליוציאָנער סיי נאָך זיין וועלטאַנשאונג און סיי נאָך זייגע נייגונגען, סיי נאָך זיינע סימפּאַטיען און סיי נאָך זיינע אַנטיפּאַטיען ***), ווי עס כאַראַקטעריזירט דער בעוואוסטער אויסדריק פון לעססינג: „אויב גאָטט אַלליין וואָלט מיר פאָרגעלויגט אויסקלייבען זיך דעם אויביגען אמת צו אָנהאַלטען אין איין האַנד, און אין דער אַנדער האַנד זאָל איך בעזיצען מעהר ניט ווי דעם שטרעבען צו דערנעהענטערען זיך צו איהם, וואָלט איך גאָטט געענטפערט: ניין, רבונו של עולם! לאָז דעם אמת פאַר זיך און נעהם ביי מיר ניט אָב דאָס, וואָס עס בעשעהנט און בעלויכט דעם עצם פון מיין גאַנצען לעבען—כ'מיין, נעהם ביי מיר ניט אָב די הייליגע אונצופריעדענהייט מיט אַללעס וואָס עקזיסטירט און רויב ביי מיר ניט אָב דעם פרייען שטרעבען צום בעסערען; דיעזע זאַכען וועל איך ניט פערבייטען אויף קיין זאַך אין

---

*) כל זמן מען האָט ניט ענטדעקט דעם טעלעסקאָפּ האָט מען גערעכענט, אַז די זונן שיינט אין גאַנצען. אַז מען האָט ענטדעקט דעם טעלעסקאָפּ און מען האָט אין איהם אַ קוק געטהאָן אויף דער זונן האָט מען בעמערקט, אַז אויף דער זונן געפינען זיך אַזוינע פינסטערע פלעקען, וועלכע לייכטען ניט. אַזוי קען דאָך אויך זיין מיט אונזער זונן, מיט אונזער אידעאַל, אַז אפילו אויף איהם וועלען אונזערע קינדער ענטרעקען פלעקען.

**) ד. ה. וואָס ער ליעבט און וואָס ער פערהאַסט.

דער וועלט, איך וויל גאָר ניט בעזיצען די פּאַרטיגע וואַהרהייט, וועלכע זאָל אַראָבפּאַלען פֿון הימעל גלייך צו מיר און איך זאָל אפילו ניט אַ קלאַפּ טהאָן אַ פֿינגער אָן אַ פֿינגער, כדי זי צו דערגרייכען..."

זאָל זיין, אַז פֿון דער פֿילאָזאָפֿישער זייט קען מען געפֿינען אין לעססינג׳ס משל אייניגע פֿעהלערען, ווייל בעזיצען מיט דער פֿאָללער וואַהרהייט קען נאָר אַזאַ בעשעפֿעניש, וועלכע איז אַבסאָליוט פֿאָלקאָמען (ד. ה. וואָס בעזיצט אַלע מעלות), אָבער וועגען דער פסיכאָלאָגיע פֿון אַזאַ בעשעפֿעניש האָבען מיר קיין השגה ניט, ווייל מיר קענען זי ניט פֿערגלייכען מיט גאָר נישט ניט אין דער וועלט. אונז אַרט דאָס אָבער זעהר ווייניג. לעססינגס משל ווייזט אויף אין זעהר אַ שעהנער פֿאָרם, אַז עס איז לחלוטין גאָר אַ נאַרישקייט אפילו צו טראַכטען וועגען אַ אַבסאָ-ליוטער פֿערפֿאָלקאָמענהייט. אַבסאָליוט איז מעהר ניט ווי דער שטרעבען צו דער פֿעדפֿאָלקאָמענהייט, מעהר ניט ווי דער פראָצעס, וועלכער פֿיהרט און דערנעהענטערט אונז צו איהר, אָבער ניט יענע ממשות׳דיגע רעזול-טאַטען, וועלכע מיר קענען אָנהאַלטען און אָנטאַפּען. דעריבער איז די רעוואָליוציאָנערע וועלטאַנשאַונג בעצם אַ העכסט אָפּטימיסטישע, זי איז שטענדיג פֿול מיט האָפֿנונגען און מיט פֿרייד, זי זעהט דעם לעבען פֿון דער בעסטער און פֿון דער שעהנסטער זייט, זי איז גאָר אַ היפוך פון דעם פעסימיזם *), ווייל אין דער צייט, ווען דער פעסימיזם זאָגט, אַז אונשטערבליך איז נאָר דער טויט אַלליין, קומט די רעוואָליוציאָנערע וועלטאַנשאַונג און איז מחליט: אונשטערבליך איז די געבורט פֿון דעם נייעם לעבען, אונשטערבליך איז דער פראָגרעס, אונשטערבליך איז די בעשאַפֿענהייט.

און אין דער החלטה ליעגט פֿערבאָרגען די לעבעדיגקייט, נאָכמעהר— די טיעפֿע לעבענספֿריידיגקייט פֿון דער רעוואָליוציאָנערער וועלטאַנשאַונג. דער, וואָס איז מיט איהר בעגייסטערט, וועט קיינמאָל ביי זיך ניט אַראָב-פאַלען. ער וועט שטענדיג בלייבען פֿריש און פֿרעהליך און וועט ניט אָגווערען דעם חשק ניט צום לעבען און ניט צו זיין אידעל, וויפֿיעל דערנער עס זאָללען ניט ליעגען אויף זיין וועג, וויפֿיעל עס זאָללען איהם ניט בייקומען אין דעם אָדער אין יענעם מאָמענט די „שטאַרקע פֿון היינטיגער וועלט" און „די הערשער פֿון היינטיגען יאָהרהונדערט". זאָל זיין, אַז די געשיכטע[ס]טהוט מעהר ניט ווי דאָס, וואָס זי פֿערשרייבט אויף איהרע טאָוולען די נעהמען פֿון די געפֿאַלענע העלדען פֿאַר דער אונשטערבליכער אידעע פֿון דער מענשהייט, זאָל זיין, אַז אין דעם אָדער אין יענעם מאָמענט פֿער-נעהמען דעם אָרט פֿון די געפֿאַלענע העלדען — מענשען מיט קליינינקע נשמה׳ליך, וועלכע ווייסען מעהר ניט ווי דאָס, וואָס עס טהוט זיך לעבען

---

*) דער פעסימיזם קוקט אויף אַלץ פֿון דער שלעכטער זייט, ער איז זיך מיאש פֿון אַלץ, דער אָפּטימיזם קוקט אויף אַלץ פֿון דער [שע]הער זייט, ער איז פֿול מיט האָפֿנונגען.

זיי. פֿון דאַנען אָבער קען מען ניט אַרויסדרינגען קיינע פעסימיסטישע געדאַנקען שוין מהמת דעם אַלליין, וואָס מיר שטעלען ניט אָב אונזערע בליקען נאָר אויף דער איצטיגער צייט; און באמת טאַקע ווערט קיין זאַך גיך ניט פֿערשוואונדען, ווי דער „היינט", וועלכער טרעט שטענדיג אָב זיין פלאַץ פֿאַר דער צוקונפֿט און וועלכער פֿערשווינדעט אַללע מאָל ווי אַ פֿאַרבייפֿליהענדער חלום. מיר דאַרפֿען וועניג וואָס נתפעל ווערען פֿון דעם, ווען אַזוינע קליינע מענשעליך שפיעלען אַ ראָליע אין לעבען, ווייל זיי זיינען דאָך מענשען פֿון דעם „היינט", מענשען, וועלכע זעהען זיך אָנ-כאַפען פֿאַר דיעזער שטרויעלע און צוזאַממען מיט איהר געהען זיי צום גרונד.

אַ רעוואָליוציאָנער האָט ניט וואָס צו מקנא זיין די „האַררען, וואָס געוועלטיגען אין לעבען". דיעזע מענשען ווערען דעריבער פֿעררעכענט פֿאַר „האַררען", ווייל זיי דרעהען זיך ווי אַ ווינדפֿאָהנע, וואוהין עס בלאָזט דער ווינד און דעריבער זיינען זיי שטענדיג „צוגעפאַסט" צום לעבען.
אַ רעוואָליוציאָנער זאָגט זיך אַלליין אָב בעוואוסטזיננינג צו פֿייערען דעם פֿאַלשען נצחון אין דער נאָהענטסטער צייט. אַ רעוואָליוציאָנער נעהמט אויף זיך בעוואוסטזיננינג דיענען דער ווייטער צוקונפֿט, ער ווילל זיין איהר לע-בעדיגע פֿערקערפערונג, איהר טרעגער און איהר פֿאָרגענגער. איהם קען ניט אָבשרעקען דער פֿאַקט, וואָס ביי איצטיגער צייט פֿייערען דעם נצחון קליינ-קעפעלדיגע לייט, מענשען פֿון דער גילדערנער מיטעלמעססיגקייט, מיט קליינע מחות און מיט קליינע השגות. איהם ציהען ניט צו די גרינג אָנ-געקומענע לאָרבערקראַנצען, מיט וועלכע מען קרוינט די שטערענס פֿון די „גליקליבע", פֿון די „זיעגער" פֿון היינטיגער צייט, ווייל די בלעטער פֿון דיעזע קראַנצען האַלטען זיך ניט און פֿאַלען גלייך אַריין אין יענעם טאָפּ לינזען, פֿאַר וועלכען עשו האָט פֿערקויפֿט די בכורה זיינע יעקב'ן.
אַ רעוואָליוציאָנער וועט קיינמאָל ניט פֿערקויפֿען אָט דיעזעס זיין רעכט, וואָס פֿאַר אַ יסורים, סיי פֿיזישע און סיי גייסטישע, איהם זאָל ניט אויסקו-מען אַריבערטראָגען און ווי עס זאָל איהם ניט פֿערפענטען די קאַלטע אַכזריות פֿון „דעם נאַטירליכען גאַנג פֿון די געשעהענישען", אין וועלכען „אומזיסט גיט זיך גאָר נישט ניט — און עס איז בעשערט צו בעצאָהלען פֿאַר אַלץ מיט בלוט". און ווען מיר זעהען „כבלע רשע את הצדיק" (ווי אַ רשע שלינגט איין דעם צדיק) ווערען מיר פֿונדעסטוועגען ניט אָן אונזער מוטהיגקייט און מיר חזר'ן איבער וועגען דער היסטאָריע דיזעלביגע ווער-טער, וועלכע גאַליליי האָט געזאָגט די אינקוויזיטאָרען, בעת זיי האָבען איהם אָנגעטהאָן די יסורים: „אָבער פֿאָרט דרעהט זיך דאָך די ערד!" די געשיכטע בעוועגט זיך מיט איהר גאַנג, זי געהט פֿאָרווערטס כאָטש אפילו די קליינקעפעלדיגע מענשען, וועלכע הערשען אין דעם אָדער אין יענעם מאָמענט, רעכענען צייטענווייז, אַז זיי האָבען „איינגעהאַלטען" איהר בעוועגונג. די געשיכטע בעוועגט זיך, כאָטש אפילו צייטענווייז גיט זיך אויס, אַז זי שטעהט אויף איין אָרט. די קליינע מח'ליך וועלען, פֿער-

שטעהט זיך אין דעם ניט גלויבען, זיי האָבען דאָך אַמאָל גאַליליייען אויך ניט געגלויבט. — „דערצעהלט בבא-מעשיות וויפּיעל איהר ווילט, טרויסט זיך, אָבער הערשען הערשט פּאָרט די פּאָליציי — און דוקא זי" און כל זמן די פּאָליציי פּערוואַלטונגען, די באַסטיליעס, די פּעטראָפּאַוולאָווסקער און שליססעלבורגער פּעסטונגען שטעהען בשלום אויף זייערע ערטער, וועלען דיעזע „בערעכענטע מענשען", די העלדען פון מיטעלמעסיגקייט און רוהיגקייט, אַלץ זיין איבערצייגט, אַז דער גאַנצער באָדען אונטער זייערע פּיס, די גאַנצע ערד שטעהט און ריהרט זיך ניט פון אָרט. גליקליך איז יענער, ווער עס גלויבט אין דעם, וואויל איז יענעם אויף דער וועלט! אָבער מיר, רעוואָליוציאָנערען, האָבען אַ'ן אַנדער גלויבען, אַ געוויססען גלויבען, ווייל דיעזער גלויבען איז געגרינדעט אויף דער דורכגעמאַכטער געשיכטע:

מיר וויסען—און אַזוי איז דאָס בעשערט,—
מיר וועלען פייערען דעם נצחון!

אמת, מיר קענען אפילו זאָגען, אַז מיר וועלען ניט נאָר אין דער צוקונפט פּייערען דעם נצחון, נאָר מיר פּייערען שוין איהם. דער נצחון געהט נאָך אונז ווי אַ שאָטען, נאָר ער קען אונז ניט דעריאָגען, ווייל מיר אַלליין פּערלויפען איהם דעם וועג. און נאָר דעריבער בערוהיגען זיך מיר קיינמאָל ניט און בלייבען אַלץ אונצופריעדענע, ווייל ווי נאָר „עס בייטען זיך אום די צייטען, אַזוי ווערען מיר אַלליין אויך אומגעביטען": פּאַרצייטען, אַז עס האָט געהערשט די קנעכטשאַפט, האָבען מיר געקעמפּפט אונטער דער אָנפיהרונג פון ספּאַרטאַק *), אין דער מיטעלאַלטער זיינען מיר געוועזען שזאַקעריען **) און האָבען גענומען אַ'ן אַנטהייל אין די פּויערשע מלחמות ***), אין דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע זיינען מיר

*) ספּאַרטאַק — דער אָנפיהרער פון די קנעכט אין רוים, וועלכע זיינען אויפגעשטאַנען געגען זייערע בעדריקער. דער אויפשטאַנד פון די קנעכט איז פאָרגעקומען עטליכע און זיבעציג יאָהר פריהער, איידער עס איז געבאָרען געוואָרען דער קריסטוס.

**) שזאַקעריע רופט זיך אָן דער פּויערשער אויפשטאַנד אין פראַנקרייך, אין 1358 יאָהר. די אונמיטעלבאַרע סבה פון דיעזען אויפ-שטאַנד זיינען געוועזען די צושטערונגען, וועלכע עס האָט אָנגעמאַכט דער נאַוואַרער קעניג קאַרל דער שלעכטער אין דעם פּאַריזער געגענד און וועלכע האָבען זעהר אָבגערופען זיך אויף דער דאָרפישער בעפעל-קערונג. די פּויערים האָבען פּערוויסטעט פיעלע פריצישע הויפען. לסוף האָט זיך די פריצים איינגעגעבען פערטרינקען דעם אויפשטאַנד אין טייכען בלוט.

***) די פּויערשע מלחמות זיינען פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד אין די יאָהרען 1524—1525. דיעזע בעוועגונג האָט זיך אויך ניט איינגעגעבען.

געוועזן אויסערסטע יאַקאָבינער *) און באַבעוויסטען **), אין ענגלאַנד טשאַרטיסטען ***), אין פֿראַנקרייך קאָמונאַרען ****) אין איצטער זיינען מיר סאָציאַליסטען און רעוואָלוציאָנערען. דעריבער מאַכט אויף אונז אַ קליינע התפעלות דער פֿאַקט, וואָס קיינע אידעאַלען, אפילו די גוט-אַרומגעטראַכטע און וויססענשאַפֿטליך בעגרינדעטע אידעאַלען פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג, זיינען ניט קיין אויביגע; ווייל די שטענדיגע בעוועגונג פֿון דעם געשיכטליכען רייטוואָגען, וועלכער בעוועגט זיך אָהן אַ'ן אויפֿהער ווייטער און ווייטער, יאָגט אַריבער אַלץ, וואָס די פֿריהער-דיגע דורות האָבען זיך אפילו ניט ערלויבט צו טרוימען און צו טראַכטען. דאַרפֿען מיר זיך דערפֿאַר אָבּייטעלען אין אונזער אַרבייט? — אפילו אויף אַ האָר ניט! זאָלען אפילו די רעאַלע פֿאָרמען, אין וועלכע מיר מאָלען זיך די בעסטע סאָציאַלע אָרדנונג, אין עטליכע טויזענד יאָהר אַרום אַרויס-ווייזען זיך פֿאַר ניט פּראָגרעסיווע, זאָלען אפילו יענע מענשען, וועלכע וועלען זיי דאַמאָלס פֿערטיידיגען, פֿעררעכענט ווערען פֿאַר קאָנסערוואַטאָ-רען און אפילו פֿאַר רעאַקציאָנערען. פֿון דעם וועט פֿון אונזער אמת קיין פֿאַלשקייט ניט ווערען. מיר זיינען גאָר ניט קיין בלינדע, וועלכע נאַרען זיך זעלבסט. אונזער אמת איז אַ ריינער אמת, כל זמן ער טרייבט די גע-שיכטע פֿאָרווערטס; ער איז קיין פֿאַלשקייט ניט ביז יענער צייט, ביז ער

---

*) די יאַקאָבינער, דאָס זיינען די מיטגליעדער פֿון דער פּאָליטי-שער פּאַרטיי, וועלכע האָט געווירקט אין דער צייט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע.

**) דאָס הייסט אָנהייגער פֿון באַבעפֿ'ן, — אַ פֿראַנצויזישער קאָ-מוניסט, געבאָרען אין דעם יאָהר 1764. ער האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט ערד מעסטען. אין דער צייט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רע-וואָליוציע האָט ער זיך אָבגעגעבען דער פֿאָלקס זאַך. ווי נאָר ער האָט דערזעהען, אַז די רעוואָליוציע האָט אָנגענומען אַ ריין בורזשואַזען כאַראַקטער, האָט ער מיט דער הילף פֿון זיינע פֿריינד געבילדעט אַ פֿער-שווערונג אָבנעהמען די גאַנצע גוטס פֿון די רייכע און צוטהיילען זי צווישען די אָרימע. ער האָט אָרגאַניזירט צוליעב דיעזען צוועק 17,000 מענשען. איינער פֿון די מיטגליעדער האָט גע'מסר'ט דיעזע פֿערשווע-רונג, באַבעף מיט זיינע פֿריינד זיינען גע'משפט געוואָרען אין וואַנדאָ-מע. דעם 23-טען מאַי 1796 האָט מען באַבעפֿ'ן מיט זיין פֿריינד דאַרטע פֿער'משפט צום טויט, אויף מאָרגען האָט מען זיי געקעפּט.

***) דאָס איז די בעוועגונג אין ענגלאַנד, וועלכע איז פֿאָרגע-קומען פֿון דעם סוף 30-טע ביז דעם סוף 40-סטע יאָהרען פֿון דעם פֿאָריגען יאָהרהונדערט.

****) דער אויפֿשטאַנד פֿון דעם פּאַריזער פֿאָלק (פֿון 18-טען מערץ ביז 28-טען מאַי אין 1871יאָהר). דאָס פֿאָלק האָט דאַן גע-בילדעט די זאָגענאַנטע פּאַריזער קאָמונע.

איז אין גאַנצען ניט אויסגעזאָגט געוואָרען, ביז ער האָט נאָך ניט אָבגע-געבען דער מענשהייט זיין גאַנצען תוכן, מיט וועלכען ער איז פֿול געווזען. אָנהעגנער פֿון פֿאַלשקייט, שטאָק בלינדע וועלען זיין דאַמאָלס, אין דער שפּעטערדיגער צייט, ניט מיר, נאָר יענע מענשען, וועלכע ווע-לען זיך האַלטען ווי שטאָל אָן אַייזען פֿאַר דעם סיסטעם, וועלכער איז מיט פֿיעל יאָהרען צוריק פול געווען מיט לעבען און מיט גערדאַנקען אָבער וועלכער איז שוין אין גאַנצען אויסגעוועבט געוואָרען, נאַראים און בלינדע וועלען זיין יענע מענשען, וועלכע וועלען זיך האַל-טען פֿאַר דער שאָלעכץ פֿון דער איי, וועלכע איז שוין לאַנג אויפֿגעגע-סען געוואָרען, וועלכע עס וועלען מאַכען אַלערליי מניעות, כדי אויפֿהאַלטען די וויטערדיגע בעוועגונג. ניט אַזוינע מענשען וועלען זיין אונזערע יורשים, נאָר „יענע, אַנדערע, דערוויל אונז אונבעקאַנטע”, וועלכע וועלען דאַמאָלס זיין די פֿאָרשטעהער פֿון דעם דינאַמישען מאָ-מענט פֿון דער געשיכטע, ווי מיר אין אונזער צייט.

אַזוי זעהען מיר, אַז אונזער ענדע-ציעל איז ניט קיין אַבסאָלוטע זאַך און ווען מיר וועלען צו איהם דערגרייכען איז שוין וויטער ניטאָ וואוהין צו געהן; ניין, אונזער ענדע-ציעל איז פּשוט אַ'ן אַלגעמיינער פּרינציפּ, אין וועלכען עס גיסען זיך צונויף און הארמאָניזירען זיך אַללע אונזערע קלענערע ציעלען, שטרעבונגען און האָפֿנונגען. דעריבער טראַכטען אומ-זיסט די פֿערשיעדענע „בערעכענטע מענשען” און די „פּאָסיביליסטען” *), אַז זיי פֿון אונז טהיילט אָב דאָס, וואָס זיי זיינען רוהיגע, געלאַסענע און בערעכענטע מענשען און מיר זיינען פֿאַנטאַזיאָרען, וועלכע פֿאַנטאַזירען וועגען זאַכען, וואָס זיינען נישט געשטויגען און געפֿלויגען. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג, אונז טהיילט אָב אַ'ן אַנדער זאַך. ווי מיר, סאָציאַליס-טען און רעוואָליוציאָנערען, פֿערשטעהן דעם עצם פֿון דעם היסטאָרישען פּראָ-צעס, האָבען מיר קיינמאָל קיין שום מורא ניט צו קריטיקירען אַלץ, וואָס מיר טרעפֿען אין לעבען. פֿאַר אונז, סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען, איז לגמרי ניטאָ אי איין אָרט אויך ניט, וואוהין עס זאָל ניט אַריינדרינגען אונזער קריטיק און וואו מיר זאָללען ניט וועלען ווירקען און אומענדערען אַלץ עד היסוד, ביז'ן גרונד. אָבער די ריינע „פּאָסיביליסטען” און „רעפֿאָרמיס-טען”, אויב זיי רעכענען אפילו פֿאַר נויטהיג, אַז עס זאָללען יע פֿאָר-קימען שטענדיגע אומענדע־ונגען אין לעבען, האָבען זיי אין זינען מעהר ניט ווי יענע אומענדערונגען, וועלכע גלייכען אויס די אָדער יעדער יענע פּרטים, די אָדער יענע איינצעלהייטען פֿון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג, אָבער דער יסוד פֿון היינטיגער אָרדנונג זאָל אפילו ניט געריהרט ווערען פֿין אָרט; די רעפֿאָרמיסטען, וועלכע בעמיהען זיך אויסגלעטען די אונ-גלייכהייטען אין דער היינטיגער אָרדנונג, זעהען למשל, דורכפֿיהרען

---

*) „פּאָסיביליסטען” הייסען אַזוינע וואָס טראַכטען, אַז מען דאַרף פֿערווירק-ליכען נאָר דאָס, וואָס עס איז מעגליך צו פֿערווירקליכען, איינצופֿיהרען אין לעבען.

מעהר פאָליטישע פֿרייהייט א. ד. ג.„ אָבער זיי האַלטען ניט פֿאַר מעגליך, אַז דערזעלביגער אונענדליכער פראָגרעס זאָל פֿאָרקומען אויך אין די ענינים פֿון פֿאַמיליע, אייגענטהום, נאַציאָנאַלע פֿערהעלטניסען א. ז. וו. פֿון אַלעם דעם, וואָס מיר האָבען אָנגעוויזען, איז ארויסצודרינגען אויף וויפֿיעל פֿערשיעדען איז דער עצם פֿון די אידעאַלען פֿון אַ רעפֿאָרמיסט און פֿון אַ רעוואָליוציאָנער. דער אידעאַל פֿון דעם רעפֿאָרמיסט איז, זעהען וואָס גיכער דורכפֿיהרען דיעזע אָדער יענע „רעפֿאָרם" אין לעבען, כאָטש אפילו דיעזע „רעפֿאָרם" בעסערט אויס זעהר ווייניג דעם לעבען, אָבער דערפֿאַר טראַכט ער ביי זיך, אַז ער שטעהט אויף אַ פֿעסטען באָדען. דער אידע-אַל פֿון דעם רעוואָליוציאָנער אָבער טראָגט אַ ריין פרינציפיעלען כאַראַק-טער; כדי מען זאָל איהם פֿערשטעהן, מוז מען זעהען דורכנעהמען איהם אין גאַנצען, דורכדרינגען ביז'ן גרונד, אָבער ניט אָבגעבען זיך מיט דעם אָדער יענעם פרט, מיט דער אָדער יענער קלייניגקייט. מיט דעם אידעאַל פֿון דעם רעפֿאָרמיסט קען אַ מאָל טרעפֿען, אַז ער זאָל פלוצלונג ווערען אויס אידעאַל. דער רעפֿאָרמיסט שטעלט אַרויס זיין „פֿאָדערונג" און כדי צו „בערוהיגען" דאָס לאַנד קען דיעזער אָדער יענער מיניסטער פראָיעקטירען אַ וועלכען עס איז געזעץ, אין וועלכען עס זאָל אַריין דיעזע פֿאָדערונג. מיט דעם אידעאַל פֿון דעם רעוואָליוציאָנער קען אַזאַ זאַך ניט פֿאָרקומען. דער אידעאַל פֿון דעם רעוואָליוציאָנער קען און דאַרף זיין נאָר אַ וועגוויי-זער אין אַללע זיינע מעשים, ער דיענט ביי איהם מעהר ניט ווי פֿאַר אַ פרינ-ציפּ, כדי דורך איהם זאָל ער קענען אָבשאַצען די פֿערשיעדענע פראָיעק-טען „ווי צו היילען די סאָציאַלע וואונדען". און וואָס וויטזיכטיגער עס ווערט דער גייסטיגער בליק פֿון דעם רעוואָליוציאָנער, וואָס טיעפֿער און שטאַר-קער ער שניידט דורך די געדיכטע פֿינסטערניס, וועלכע פֿערשלייערט פֿאַר אונז די אידעעלע צוקונפֿט, אַלץ ברייטער און טיעפֿער איז דער תהום, דער אָבגרונד צווישען דער היסטאָרישער אויפֿגאַבע, וועלכע מיר דאַרפֿען ערשט פֿערווירקליכען אין לעבען, און צווישען דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין דער ווירקליכקייט, אין דער קליינער פֿאָרבייפֿליהענדער צייט פֿון אַ מענשענס לעבען, אָדער צווישען דעם, וואָס עס גיט זיך איין צו פֿערווירקליכען אין לעבען דורך די כחות פֿון דעם אָדער יענעם איינ-צעלנעם מענשען.

אין דיעזער בעציהונג זיינען די רעפֿאָרמיסטען גליקליכער. זיי האָבען געפֿונען אַ גאַנץ איינפֿאַכען מיטעל ניט דערלאָזען, אַז אַזאַ תהום, אַזאַ אָבגרונד זאָל אויסגעגראָבען ווערען צווישען דער ווירקליכקייט און צווישען דער אויפֿגאַבע, וועלכע זיי שטעלען זיך. זיי ווילען בשום אופן ניט קו-קען מיט אַ ברייטען בליק אויף דער וועלט, נאָר פֿערקעהרט, זיי זעהען שמאָלער מאַכען זייער קרייזבליק, זיי פֿערבייטען די היסטאָרישע וויטזיכ-טיגקייט אויף קורצזיכטיגקייט, זיי כאַפּען זיך אָן אָט פֿאַר די נאָהענסטע ממשות'דיגע רעזולטאַטען, וועלכע מען קען אָנהאַלטען און אָנטאַפּען, און אַזוי זעהען זיי ניט דעם וואַלד איבער די בוימער און זיי געהט גאָר ניט

אַרויף אויפ'ן זינען, אַז דער וואַלד עקזיסטירט דאָך פּאַרט. אַזוי צו בעגעהן זיך איז אפילו גאַנץ „פּראַקטיש" און וואָס מעהר „פּראַקטישער" זיי ווערען, אַלץ מעהר פּערקלענערט זיך דער תהום צווישען דעם, וואָס אַ מענש איז ביכולת אויספיהרען אין לעבען און צווישען די „ענדע-ציעלען", נאָר דער-פאַר פּערגרעסערט זיך לפי ערך אַ'ן אַנדער תהום: צווישען די קליינינקע רעזולטאַטען, וואָס עס ווערען דערגרייכט, און צווישען די בעסטע שטרע בונגען פון דער נשמה... יעדער מענש מוז האָבען אין זיך אַ מין „קודש הקדשים", אַרום וועלכען עס זאָללען זיך צונויפזאַמלען די בעסטע כחות, די בעסטע טענדענצען פון זיין נשמה, וועלכע זאָלען זיין ביכולת אויפ-הייבען דעם מענשען איבער דער ווירקליכקייט, וועלכע זאָללען פעהיג זיין צו אויפוועקען דעם שטאַרקסטען ענטהוזיאַזם און פערהאַרטעווען דעם מענשען אין זיינע מעשים אַזוי שטאַרק, אַז ער זאָל ניט גלייך זיין צו „אַ שטעקעל, וואָס עס בייגט זיך אין אַללע זייטען פון דעם ווינד". וואָס שמאָלער און קלענער איז דער געזעלשאַפטליכער אידעאַל, וואָס קלענער עס איז די ענערגיע פון די פאָרשטעהער פון אַזאַ מין געזעלשאַפטליכען אידעאַל, אַלץ קלענער מוז אויך זיין זייער אָפּפערווילליגקייט און זייער ענטשלאָססענהייט אין די קריטישע מאָמענטען. אָט דאָס איז אַ אונפער-מיידליכער היסטאָרישער געזעץ, וועלכער פעראורטהיילט די „מיטעלמעסיגע פּראָגרעסיסטען" פון אַללע צייטען אין פעלקער אויף ניט-ענטשלאָססענהייט און שוואַכמוטהיגקייט אין די צייטען פון דעם שווערען קאַמפף; די „מי-טעלמעססיגע" זיינען שטאָלץ מעהר ניט ווי דאַן, ווען זיי זעהען, אַז דער שונא זייערער איז שוין כמעט ווי אַ דערשלאָגענער, ווען מען דאַרף שוין כמעט קיין מיה ניט לייגען, כדי צו געבען דעם לעצטען קלאַפּ און נעהמען זיך פאַר דער אַרבייט טהיילען די גוטס, וואָס עס האָט זיך איינגעגעבען ביי איהם אָבנעהמען.

הגם די סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען ווייסען גאַנץ גוט, אַז ביז אַ בעוואוסטער מדרגה איז „דער שונא פון אונזער שונא—אונזער גוטער פריינד" און אַז אין דעם קאַמפף געגען די רעאַקציאָנערע קרעפטען וועט אויסקומען געהן ביז אַ געוויססען פונקט „אויף איין וועג" מיט די מיטעל-מעססיגע פּראָגרעסיסטען, ליבעראַלען א. ד. ג., פונדעסטוועגען קענען זיי בשום אופן ניט אָבטרעטען אפילו אויף אַ האָר פון די פּרינציפּען פון זייער פּראָגראַם, ווען אפילו אַזאַ מין בונד וואָלט געבראַכט פיעל נוצען. יעדער פּראָוו „צו אונטערהאַקען זיך אַלליין די פליעגלען" צוליעב דיעזע צוועקען וואָלט גלייך געווען, ווי אָנטהאָן זיך אַלליין אַ מעשה. דער סאָציאַליזם איז די גרעסטע מאָראַלישע קראַפט פון היינטיגער געזעלשאַפט און בעהאַלטען איהם אונטערען אויווען אָדער אָבשוואַכען איהם אַזוי אָדער אַנדערש אין רוססלאַנד וואָלט געהייסען טויטען אַלליין דאָס, וואָס עס שטעלט פאַר דאָס לעבען און די נשמה פון אונזער בעוועגונג. אונזער קאַמפף האַלט זיך אין גאַנצען אויף דעם, וואָס עס געפינען זיך אַזוינע מענשען, וועלכע זיינען מוכן ומזומן אָבגעבען זייער לעבען, פרייהייט און

זיך אין גאַנצען פֿאַר דעם גליק פֿון זייער פֿאָטערלאַנד. וואָס ברייטער, טיעפֿער און אַללזייטיגער איז די אידעע פֿון דיעזען מעגליכען גליק, אַלץ שנעלער וואַכט זיך אויף ביי דעם מענשען דער געזעלשאַפֿטליכער אינ-סטינקט, קיינער וועט ניט אָפּפֿערען מיט זיך, כדי די שטאַדטישע זעלבסט-פֿערוואַלטונג זאָל בעקומען מעהר רעכטע, קיינער וועט ניט וועלען איינ-שטעלען זיין לעבען אין קאָן, כדי עס זאָל דורכגעפֿיהרט ווערען די אָדער אַנדערע קליינע רעפֿאָרם. אָבער טויזענדער מענשען זיינען געגאַנגען און געהן אויף אַ פֿרייוויליגען טויט, ווען נאָר אין זייער האַרצען זיצט טיעף דער גלויבען, אַז דורך דעם קען געקויפֿט ווערען דער גליק פֿון דער מענשהייט.

אין פֿריהערדיגע צייטען, האָט אפילו די פּאָליטישע אָדער בירגערליכע פֿרייהייט געקענט ארויסרופֿען אַזאַ מין בעגייסטערונג ביי די מענשען, אַז זיי זאָללען גרייט זיין צו אָפּפֿערען מיט זיך. איצטער איז דיעזע פֿעהיג-קייט אַריבערגעגאַנגען בירושה צו דער גרעסטער אידעע פֿון אונזער צייט—צו דעם סאָציאַליזם, און דעריבער קענען אין רוססלאַנד אפילו יענע „טאָג פֿראַגען" פֿון אונזער צייט, ווי די פֿראַגען פֿון דער בירגערליכער און פּאָליטישער פֿרייהייט, וועלכע זיינען אין אַנדערע לענדער געלויזט געוואָרען דורך די בורשזואַזע-ליבעראַלע אָדער דעמאָקראַטיש-ראַדיקאַלע פּאַרטייען, געלויזט ווערען נאָר דורך דעם אַריינמישען זיך פֿון דעם רע-וואָליוציאָנערען סאָציאַליזם.

---

יענער טהייל פֿון דעם פּראָגראַם פֿון אַ רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי, וועלכער עס ענטהאַלט אין זיך דעם „ענדע-ציעל", מוז נאַטירליך, ניט אומ-ענדערען זיך. וואָס מעהר רעוואָליוציאָנעריש, וואָס היסטאָריש-וויטזיכטי-גער איז די פּאַרטיי אַלץ לאַנגיאָהריגער און ניט אומגעענדערטער איז איהר אידעאַל. דעריבער קענען מיר אָנרופֿען דיעזען טהייל פֿון דעם פּראָ-גראַם מיט'ן נאָמען דער „מאַקסימאַלער טהייל" (ד. ה. דאָס העכסטע, דאָס גרעסטע, וואָס מען קען פֿאָדערען). דער „ענדע-ציעל" זעהט זיך ניט צופּאַסען יעדעס מאָל צו די בעדינגונגען פֿון אָרט און צייט, וועלכע בייטען זיך אום אַללע ווייל. פֿערקעהרט, יעדע רעאַלע ווירקליכקייט, אַללע פֿערשיעדענע קאָמבינאַציעס, וואָס היינגען אָב פֿון צייט און אָרט, מוזען אויפֿגעהייבען ווערען ביז דער הויכקייט פֿון דעם „ענדע-ציעל". די ענדליכע פֿאָרמען פֿון דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאַליזם זיינען אינטער-נאַציאָנאַלע; זיי זיינען כולל'דיגע פֿאַר אַללע היינטיגע נאַציאָנען און מלוכות, ווי פֿאַר די ניט-פּראָגרעסיווע אַזוי אויך פֿאַר די פּראָגרעסיווע. דער פּרינציפּיעלער טהייל פֿון דעם פּראָגראַם דאַרף בלייבען אונבעריהרט.

מיר האָבען בשום אופן ניט דאָס רעכט, וואָס עס זאָל ניט זיין, צו פֿער-קירצען דעם פרינציפיעלען טהייל פֿון דעם פראָגראַם .

אָבער די פֿאָדערונגען, וועלכע עס דאַרפֿען אַריינגעהן אין דעם פראָגראַם פֿון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען קענען זיך ניט בענוגע-נען נאָר מיט די ענדליכע , אידעעלע ציעלען . אַלס רעוואָלוציאָנערען , זיינען מיר מענשען פֿון דער צוקונפֿט . אָבער דאָס בעטייט בשום אופן ניט, אַז מיר זיינען מעהר ניט ווי בעלי חלומות, פֿאַנטאַזיאָרען און אוטאָ-פיסטען , וועלכע זיינען פֿעהיג איבער דער צוקונפֿט צו פֿערגעסען וועגען דעם „היינט", אין וועלכען מיר לעבען און אַרבייטען. און ווייל אונזער אידעאַל איז אַ רעזולטאַט פֿון אונזער היסטאָרישער ווייטזיכטיגקייט קענען מיר ניט בענוגענען זיך נאָר מיט דער שטרעבונג אַלליין צו פֿערווירקליכען איהם אין גאַנצען און אָבשאַפֿען מיט אַ מאָל די עקזיסטירענדע אָרדנונג . עס זיינען שוין דורכגעגאַנגען יענע צייטען, ווען דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם האָט געקענט האָפֿען, אַז ער וועט פֿערווירקליכען זיינע ציעלען אין גאַנצען מיט איין קלאַפּ, און וועט זיין ביכולת איבערבויען מיט אַמאָל די גאַנצע היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג פֿון אונטען ביז אויבען דורך דעם , וואָס די רעוואָלוציאָנערע בעגייסטערונג וועט דורכגעהן איבער דער מענשהייט און וועט דורכדרינגען זי אין גאַנצען. פֿון דעם גע-דאַנק האָט מען זיך געמוזט אָבזאָגען. וואָס זאָל מען טהאָן? עס איז קיין שום פעולה ניט, מען מוז זוכען נייע מיטלען , איבערגאַנגס שטופֿען , ווי אַזוי אַריבערגעהן צו דעם סאָציאַליזם. די סאָציאַליסטען האָבען אויפֿגעהערט צו בעטראַכטען רעוואָלוציע אַלס אַ היפּוך פֿון עוואָלוציע*), נאָר זיי האָבען

*) רעוואָלוציע הייסט אַ איבערקעהרעניס. עוואָלוציע הייסט ענט-וויקלונג. די „רעוואָלוציאָנערען" האָבען גערעכנט , אַז אַלץ, ממש טאַ-קי אַלץ, וועט אומגעענדערט ווערען נ אָ ר דורך דער רעוואָלוציע , אָבער זיי האָבען געקוקט פֿון אויבען אַראָב אויף דער אונבאַרעמהער-ציגער ווירקליכקייט, וועלכע ווייזט אויף, אַז די רעוואָלוציע קען פֿאָר-קומען נאָר דאַמאָלס, ווען עס האָבען זיך שוין ענטוויקעלט אין דער געזעלשאַפֿט יענע עלעמענטען , אויף וועלכע די רעוואָלוציע קען אָנ-שפאַרען זיך, און כל זמן דיעזע עלעמענטען האָבען זיך נאָך ניט ענט-וויקעלט קען קיין שום רעוואָלוציע ניט פֿאָרקומען. אַלזאָ, די רעוואָלוציע איז שטאַרק צוזאַמענגעבונדען מיט דער עוואָלוציע (ד. ה. מיט דער ענטוויקלונג) , איינע אָהן דער אַנדערער קענען ניט עקזיסטירען און דערום קענען מיר ניט זאָגען, אַז די רעוואָלוציע איז דער היפּוך פֿון דער עוואָלוציע, נאָר פֿערקעהרט, די רעוואָלוציע מיט דער עוואָלוציע געהן צוזאַמען . ווען די אָדער יענע עלעמענטען האָבען זיך שוין אויף אַזוי פֿיעל ענטוויקעלט, אַז זיי קענען מאַכען די אָדער יענע אומענדע-רונגען אין לעבען, נאָר עס גיבען פֿערשיעדענע מניעות, וועלכע דער-לאָזען ניט, אַז די אומענדערונגען זאָלען געמאַכט ווערען , דאַן קומט

שוין אָנגעהייבען רעבענען, אַז די רעוואָליוציע איז איינער פֿון די מאָמענ-טען פֿון דער עוואָליוציע אָדער אַ סך הכל פֿון פֿיעל אַזיינע מאָמענטען. אָט דעריבער שטעלען אַרויס די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין יעדען גע-געבענעם מאָמענט, אין יעדען בעזונדערען לאַנד, אויף דעם ערשטען פּלאַן אַ וועלכען עס איז טהייל פֿון זייערע פֿאָדערונגען און ווייזען אויף איהם אָן, ווי אויף אַזאַ זאַך, וועלכע עס איז נויטהיג אויסצוקעמפּפֿען אין דער נאָהענסטער צוקונפֿט, און אַזוי זעהען מיר, אַז צוזאַמען מיט דעם פּרינציפּיעלען טהייל פֿון דעם פּראָגראַם און אים נאָמען פֿון די פֿאָדערונ-גען פֿון דעם פּרינציפּיעלען טהייל וואַקסען אויס פֿאָדערונגען פֿון אַ'ן אַנ-דער מין, נאָהענטערע, מינימאַלע *).

דיזע פֿאָדערונגען פֿון דעם צווייטען מין, ד. ה. די מינימאַלע פֿאָדע-רונגען, אים געגענזאַץ צו די מאַקסימאַלע פֿאָדערונגען **), מוזען זיין נאָך זייער עצם נאָך פֿערשיעדען אין פֿערשיעדענע לענדער און אין פֿער-שיעדענע היסטאָרישע מאָמענטען. די מינימאַלע פֿאָדערונגען זיינען ניט איינע און דיזעלבע אין יעדער צייט, ווען די צייט פֿאָדערט בייטען זיי זיך אום ***). אין דעם אָדער אין יענעם מאָמענט זיינען זיי

---

פֿאַר די רעוואָליוציע, וועלכע פֿיהרט אונטער דעם סך הכל צו דעם, וואָס ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעזאַמעלט אין לעבען דורך דער טאָג טעגליכער ענטוויקלונג, און דערמיט גיט זי די מעגליכקייט, אַז די אומ-ענדערונגען זאָללען יע אַריינגעפֿיהרט ווערען.

*) מינימאַלע פֿאָדערונגען הייסען אַזיינע פֿאָדערונגען, וועלכע זיינען די קלענסטע אים פֿערגלייך מיט די מאַקסימאַלע (די העכסטע) פֿאָדערונגען. אין דעם אָדער אין יענעם היסטאָרישען מאָמענט קענען אפשר דיזע מינימאַלע פֿאָדערונגען זיין די העכסטע, וועלכע עס איז מעגליך אַרויסצושטעלען, אָבער דורך דעם ווערען זיי ניט אָן זייער נאָ-מען „מינימאַלע", ווייל, ערשטענס, שטעלען מיר זיך דאָך ניט אָב נאָר אויף דיזע פֿאָדערונגען און מיר געהן אַלץ ווייטער און ווייטער, און צווייטענס, מיר בעגרענצען ניט אונזער בליק נאָר מיט דעם אָדער יע-נעם היסטאָרישען מאָמענט: עס קען טרעפֿען, אַז וואָס פֿאַר דיזען היסטאָרישען מאָמענט איז מאַקסימאַל (דאָס העכסטע) איז פֿאַר דעם צווייטען היסטאָרישען מאָמענט כמעט ווי גאָר נישט מיט גאָר נישט.

**) אויבען האָבען מיר אויפֿגעוויזען, אַז די מאַקסימאַלע פֿאָדע-רונגען דאַרפֿען זיין איינע און דיזעלבע אין אַללע לענדער.

***) כדי צו פֿערשטעהן דיזען געדאַנק ווי געהעריג איז לאָמיר נעהמען אַזאַ ביישפּיעל. לאָמיר רעבענען, למשל, אַז די „קאָנסטיטוציע", וועלכע דער צאַר האָט איצט געגעבען וועט טאַקע בפֿועל ממש פֿער-ווירקליכט ווערען אויף דעם ברייטעסטען אופֿן, דאַן האָבען מיר ניט וואָס צו אַרויסשטעלען אין אונזער פּראָגראַם די פֿאָדערונגען פֿון פֿריי-הייט פֿון וואָרט, פֿערזאַמלונגען א. ד. ג., ווייל דיזע פֿרייהייטען עק-

צוגעפּאַסט צו די בערערפֿניסען פֿון דער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי און פֿון יענע שיכטען פֿון דער בעפֿעלקערונג, וועמעס אינטערעסען דיעזע פּאַרטיי שטעלט פֿאַר. אויף וויפֿיעל די וויכטיגערע פֿאָדערונגען ווערען יע בעפֿריעדיגט, אויף אַזוי פֿיעל ווערען אַרויסגעשטעלט אויף דעם ערשטען פּלאַן אַנדערע נויטהיגסטע פֿאָדערונגען. אָט אַזוי זעהען מיר, אַז דער צווייטער טהייל פֿון דעם פּראָגראַם, דער מינימאַלער טהייל, איז אַ מין לויטער, אויף וועלכען די פּאַרטיי שטייגט אַרויף אין דער הויך, זי טערט אַריבער פֿון איין טרעפּ אויף דעם צווייטען, זי פֿערווירקליכט איין טהיילווייזען ציעל נאָך דעם צווייטען, און דיעזע אַלע קלענערע ציעלען צוזאַמען פֿאַרבערייטען און דערנעהענטערען די פֿערווירקליכונג פֿון דעם אידעאַל. ניט אַללע דיעזע טהיילווייזע פֿאָדערונגען קענען גלייך פֿערווירקליכט ווערען אין דיעזען מאָמענט, ביי דיעזע אומשטענדען. דאָס איז ערשטענס. צווייטענס טרעפֿט אָפֿטמאָל, אַז די פֿערווירקליכונג פֿון איינעם פֿון די טהיילווייזע ציעלען פֿון דער פּאַרטיי קען דיענען פֿאַר אַ בעסטען מיטטעל צו דערנעהענטערען די פֿערווירקליכונג פֿון פֿיעל אַנדערע ציעלען. אָט דיעזע צוויי קאָמבינאַציעס פֿון וועלכע איינע האָט בדעה דערגרייכען דעם ציעל מיט וועניגער מיה, ניט אַוועק־פּטר׳ן די כחות אויף קלייניגקייטען, און די אַנדערע—זעהען אַרויסציהען וואָס מעהר נוצען, אָט דיעזעביידע קאָמבינאַציעס, זאָגען מיר, מוזען שפּיעלען אַ ענטשיידענדע ראָליע אין דעם מאָמענט, ווען די פּאַרטיי קלייבט אויס: אַ וועלכע עס איז פֿאָדערונג (אָדער פֿאָדערונגען) און שטעלט זי אַרויס פֿאַר דיעזען מאָמענט אויף דעם ערשטען פּלאַן. עס זיינען דאָ פֿאַר אונזערע אויגען צוויי וועגען: איין וועג, וועלכער פֿיהרט גלייך פֿון דעם היינטיגען מאָמענט צו דעם העכסטען אידעאַל פֿון דעם סאָציאַליזם; דער אַנדער וועג איז אַ קרומער, ער דרעהט זיך אַרום אַהין און אַהער, ווי אַ שלאַנג. דער פּאַרטיי קומט אויס דורכשלאָגען זיך אַלליין אַ אייגענעם וועג, אויף וועלכען זי זאָל קענען מאַרשירען צו דעם אידעאַל, וועלכען זי שטעלט זיך, מיט אַנדערע ווערטער, די פּאַרטיי דאַרף געפֿינען צווישען דיעזע צוויי וועגען אָט יענעם וועג, אויף וועלכען זי זאָל פֿעסט מאַרשי-

זיסטירען שוין אין לעבען, די ערשטע אויפֿגאַבע אונזערע ביי אַזאַ מאָמענט וואָלט געווען צו פֿאָדערען די איינפֿיהרונג פֿון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. ווען רוססלאַנד וואָלט שוין געוואָרען אַ רעפּובליק, אין וועלכער אַלע געזעצען ווערען דורכגעפֿיהרט אין לעבען נאָר דורכ׳ן פּאַרלאַמענט, וואָלט די ערשטע אויפֿגאַבע געווען צו דערשלאָגען זיך, אַז אַללע געזעצען דאַרפֿען בעשטעטיגט ווערען דורכ׳ן פֿאָלק אַלליין, ד. ה. מען זאָל איבערגעבען דעם פֿאָלק ער זאָל בעשליסען, צי איז ער מסכים אויף זיי צי ניט (רעפֿערענדום א, ד. ג.) און אַזוי זעהען מיר טאַקי, ווי די מינימאַלע פֿאָדערונגען בייטען זיך אום לויט די פֿאָדערונגען פֿון דער צייט.

רען. זי דאַרף אויסזוכען די היסטאָרישע מיטעלקראַפֿט *) און די פֿער-שיעדענע שטופען (מדרגות) פֿון דיעזער מיטעלקראַפֿט, אויף וועלכע איהר וועט אויסקומען צו אַריבערטרעטען, זי דאַרף אויסאַרבייטען איהר טהעטיג-קייטס-פּראָגראַם, אָדער ווי מיר האָבען זיך פֿריהער אויסגעדריקט, דעם מינימאַלען טהייל פֿון דעם פּראָגראַם. לסוף, נויטהיגט זיך אויך די פּאַרטיי אין דעם, אַז זי זאָל ערקלערען איהר פּרינציפּיעלע שטעלונג צו דיעזע נאָהענסטע פּראַקטישע פֿאָדערונגען, אויף וועלכע מען לייגט אַזוי פֿיעל כחות און וועלכע פֿערווירקליכען זיך ניט אין לעבען מיט אַ מאָל, נאָר ביסלעכווייז, איינס נאָך דאָס אַנדערש. דאָס איז אַלץ נויטהיג צוליעב דעם, כדי די פּאַרטיי זאָל קענען פֿעסט מאַרשירען אויף איהר וועג און ניט אַרומדרעהען זיך אַהער און אַהין. פֿאַר אַ בעוואוסטער היסטאָרישער עפּאָכע אַרבייט זי אויס דאָס פּראָגראַם מינימום, אין וועלכען עס געהען אַריין די ניצליכסטע פֿאָדערונגען, וועלכע עס איז מעגליך טעאָרעטיש צו דורכפֿיהרען אין לעבען אין דיעזער עפּאָכע. אָט דיעזען כאַראַקטער טראָ-גען די פּראָגראַמען-מינימום פֿאַר דער גאַנצער עפּאָכע, ביז עס וועט אָנ-שטעהן „די דיקטאַטור פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט" (אָדער די דיקטאַטור פֿון דעם אַרבייטער קלאַסס בכלל).

זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז אייניגע פֿון די מינימאַלע פֿאָדערונגען פֿון

---

*) כדי דער לעזער זאָל פֿערשטעהן, וואָס בעטייט מיטעלקראַפֿט, וועלען מיר געבען דאָ אייניגע ביישפּיעלען. לאָמיר נעהמען, למשל, אַ דאַמפּף-שיף, וועלכער לויפֿט 10 ווערסט אַ שעה, און לאָזען איהם פֿאָהרען אין שטילע וואַססער, וועט ער מאַכען יעדע שעה 10 ווערסט. ווי אָבער, אַז מיר וועלען איהם אַנידערשטעלען אין אַ לויפֿענדיגער טייך, דאָרטען ווענדט זיך שוין די גיכקייט פֿון זיין פֿאָהרען אָן דער לאַגע, וועלכע ער פֿערנעהמט. ווען די טייך זאָל לויפֿען, למשל, מיט דער גיכ-קייט פֿון 5 ווערסט אַ שעה, און דער שיף זאָל פֿאָהרען אַראָב-וואַססער, דאַ-מאָלס וועט ער מאַכען 15 ווערסט אַ שעה (מען דאַרף צוזוּפֿרעכענען די קראַפֿט פֿון דעם דאַמפּף און די קראַפֿט פֿון די לויפֿענדיגע וואַסער 10÷5=15). ווי אָבער אַז מיר זאָללען איהם שטעלען ער זאָל פֿאָהרען אַרויף וואַססער, וועט ער דאַן מאַכען מעהר ניט ווי 5 ווערסט אַ שעה (ווייל מען דאַרף אַראָב-רעכענען פֿון דער דאַמפּף-קראַפֿט די קראַפֿט פֿון די לויפֿענדיגע וואַס-סער), אויב עס בלאָזט אַ ווינד, ווענדט זיך אין וואָססער זייט ער בלאָזט און דאָס האָט אויך אַ ווירקונג אויף דער גיכקייט. הכלל, זעהען מיר, אַז די גיכקייט פֿון דעם לויפֿען פֿון דעם שיף הייננט אָב פֿון די אַרו-מיגע כחות, אָן וועלכע ער שטויסט זיך אָן. די גיכקייט איז אַלזאָ אַ רעזולטאַט פֿון פֿיעלע כחות, וועלכע ווירקען אויף איהר. אַזאַ רעזול-טאַט הייסט — אַ מיטעלקראַפֿט פֿון די פֿערשיעדענע ווירקענדע כחות. אָט אַזאַ מין מיטעלקראַפֿט וועט דורכגעשניטען ווערען אין געזעלשאַפֿט-ליכען לעבען אויך

די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען זיינען דיזעלביגע פאָדערונגען, וועלכע עס שטעלען אַרויס די פּראָגרעסיווע טהיילען פון די דעמאָקראַטען, פּאָלי-טישע ליבעראַלען און ראַדיקאַלען, מיט איין וואָרט, דיזעלביגע פאָדערונ-גען, וועלכע עס שטעלען אַרויס די „מיטעלערע" רעפאָרמיסטישע פּאַרטיי-ען. נאָר אפילו אין דיזען פאַל געפינט זיך אויך אַ גרויסער פּרינציפּיע-לער אונטערשייד צווישען די „רעוואָלוציאָנערען" און צווישען די „רעפאָר-מיסטען". אפילו דאָס „מינימאַלע" פּראָגראַם פון די פאָדערונגען פון דעם סאָציאַליזם (ד. ה. די קלענסטע פאָדערונגען, וועלכע דער סאָציאַליזם שטעלט אַרויס) שטימט כמעט קיינמאָל ניט אין אַללע פּינטלעך מיט דעם „פּרינציפּיעלען" טהייל פון דעם פּראָגראַם אפילו פון די פּראָגרעסיווסטע דעמאָקראַטען (ד. ה. מיט אַזוינע פאָדערונגען, וועלכע די פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטען האַלטען פאַר זייער פּרינציפּיעלען חוב דורכפיהרען אין לע-בען. אַזוינע פאָדערונגען זיינען די העכסטע, וועלכע זיי קענען בכלל אַרויסשטעלען). דער חילוק בעשטעהט אין דעם, וואָס די רע-פאָרמיסטען און די סאָציאַליסטען שאַצען אָב פערשיעדען די „רעפאָרמען". די רעפאָרמיסטען קוקען אויף אַ רעפאָרם ווי אויף אַ זאַך, וואָס דאַרף אַריינברייגנען אָרדנונג אין לעבען און דאַרף אָבשאַפען די שנאה צווישען די פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע עלעמענטען; פאַר די סאָציאַליסטען איז אַ רעפאָרם מעהר ניט ווי אַ מיטטעל, כדי פיהרען נאָך שטאַרקער דעם ווייטערדיגען קאַמפף. פאַר די ערשטע איז אַ רעפאָרם אַ מיטטעל מאַכען שלום צווישען אַזוינע עלעמענטען, וועלכע קענען בשום אופן קיין שלום ניט שליסען; פאַר די צווייטע האָט אַ רעפאָרם נאָר דיזע בעדייטונג, וואָס זי דערנעהענטערט דעם מאָמענט פון דעם נצחון, מיט דעם, וואָס זי פער-בעסערט די לעבענס בעדינגונגען פ׳ן די אַרבייטענדע קלאַססען, זייער פיזישען און מאָראַלען צושטאַנד, און דערמיט פערגרעסערט זי זייער קאַמפּפס פעהיגקייט. דעריבער זיינען די „רעפאָרמען", די „פּראַקטישע אויסבעסערונגען", צו וועלכע עס שטרעבען אי די רעפאָרמיסטען אי די רעוואָלוציאָנערען, ניט אַללעמאָל איינע און דיזעלביגע. די רעוואָליו-ציאָנערען קענען צופריעדען בלייבען נאָר פון אַזוינע רעפאָרמען, וועלכע וועלען העלפען צו דערנעהענטערען דעם ענדע-ציעל. די רעפאָרמיסטען אָבער זיינען צופריעדען אפילו פון אַזוינע רעפאָרמען, וועלכע זיינען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי שעהנע לאַטעס אויף אַ׳ן אַלטען בגד, וועלכע דעקען צו מעהר נישט ווי די צופּיצעלטערע ערטער פון דער אָבשטאַרבענ-דער אָרדנונג, וועלכע בעפריעדיגען נאָר אויף צו כלומר׳שט די נויטהיג-סטערע בעדערפניסען, וועלכע פערדונקעלען און פערטומלען דעם געזעל-שאַפטליכען פערשטאַנד. בעצם גערעדט, איז אַ רעפאָרם קיין היפוך ניט צו רעוואָליוציע. די פראַגע אָבער בעשטעהט אין דעם, וואָס פאַר אַ מין רעפאָרם וויל מען דורכפיהרען. עס גיבען אויך אַזוינע רעפאָרמען, וועלכע דערנעהענטערען לגמרי ניט די צייט, ווען עס זאָל איבערגעבויט ווערען די אָבשטאַרבענדע אָרדנונג, נאָר פערקעהרט, זיי דערווייטערען נאָך דעם

מאָמענט פֿון דעם היסטאָרישען אָב׳חשבונ׳ען זיך מיט איהר; עס גיבען
אַזוינע רעפֿאָרמען, וועלֿכע בעקרעפֿטיגען, פֿערשטאַרקען נאָך די ווידער-
שטאַנדס פֿעהיגקייט פֿון דער אַלֿטער אָרדנונג, אַז זי זאָלֿ קענען וועהרען
זיך געגען די פֿאָדערונגען פֿון דער צייט. הגם עס קענען זיך געפֿינען
אַזוינע „פראַקטיקער“, וועלֿכע זעהען ניט ווייטער פֿון זייער נאָז און וועלֿכע
וואָלֿטען אפשר בעטראַכט אַזעלֿכע רעפֿאָרמען ווי אַזוינע, וואָס ברייגגען
יע אַריין מיט זיך „פֿערבעסערונגען“ אין לעבען, זיינען מיר, אַלֿס סאָציאַ-
לֿיסטען רעוואָלֿוציאָנערען, מחויב צו אויפֿווייזען זייער טעות, זייער נאַרע-
ריי, מיר זיינען מחויב קעמפּפֿען מיט זיי און אָנווייזען אויף זיי, ווי אויף
אַ טאָרמאַז, וועלֿכער דערלֿאָזט ניט דעם ראָד פֿון דער געשיכטע דרעהען
זיך ווייטער און ווייטער. אונזער פּראַקטישעס פּראָגראַם איז
„פּראַקטיש“ ניט אין דעם איינגען זינען, אַז די „פראַקטיק“ איז אַ היפּוך צו
דער „אידעע“. מיר רופֿען אָן „פּראַקטיש“ נאָר דאָס, וואָס עס קען דיענען
פֿאַר אַ איבערגאַנגס שטופֿע, כדי עס זאָלֿ פֿערווירקלֿיכט ווערען די „אי-
דעע“, פּראַקטיש איז פֿאַר אונז ניט אַנדערש, ווי די אידעע אין דעם פּראָ-
צעס פֿון איהר פֿערווירקלֿיכונג אין לֿעבען.

אָט אין דעם שטייגט אַריבער דער רעוואָלֿוציאָנער דעם פּראַקטיק,
וואָס דער בלֿיק פֿון דעם רעוואָלֿוציאָנער איז שטענדיג געווענדעט אין
דער צוקונפֿט, וואָס דער רעוואָלֿוציאָנער בענוגענט זיך קיינמאָלֿ ניט מיט
די ממשות׳דיגע רעזולֿטאַטען פֿון דער אָדער יענער רעפֿאָרם, נאָר
ער שטרעבט צו דורכבלֿיקען ווייטער פֿון דעם, וואָס עס געפֿינט זיך נאָ-
הענט ביי איהם פֿאַר די אויגען. ער ווייס זעהר גוט, אַז די נייגונג צו
רעפֿאָרמען, וועלֿכע עס ווייזען אַרויס צייטענווייז די הערשענדע עלֿעמענ-
טען פֿון דער געזעלֿשאַפֿט, איז ניט אַנדערש ווי אַ העקעלֿע, אויף וועלֿ-
כער מען וויל פֿאַנגען נאַיווע נאַראָנים, כדי מאַכען אַ שלֿום צווישען זיי
און צווישען דער עקזיסטירענדער אָרדנונג און דערמיט אָבשוואַכען זייער
אָפּאָזיציאָנעלֿען גייסט. אַזאַ מין „רעפֿאָרמאַטאָרישע אַרבייט“, וועלֿכע ווערט
געטהאָן פֿון אויבען און וועלֿכע האָט דעם ציעלֿ ניט דערלֿאָזען, אַז די
איבערבויאונגס אַרבייט זאָלֿ דורכגעפֿיהרט ווערען פֿון אונטען, איז פֿאַר
דעם פּראָגרעס אַ סך ערגער און אַ סך געפֿעהרלֿיכער, איידער די אָפֿענע
און ביזווילֿיגע רעאַקציע. פֿאַר אַזוינע מיני „רעפֿאָרמיסטען“ איז ניטאָ קיין
ערגסטע פֿיינד, ווי די רעוואָלֿוציאָנערען. אַזוינע מיני „רעפֿאָרמיסטען“
האַלֿטען שטענדיג אין איין טענה׳ן, מיר וואָלֿטען אַלֿין דורכגעפֿיהרט, נאָר
אָט די „שרצים“, די רעוואָלֿוציאָנערען מישען אונז אין דעם. און אין דעם
פּונקט מוזען פֿאָרקומען צוזאַמענשטויסען צווישען די רעוואָלֿוציאָנערען מיט
די מיטעלֿמעסיגע פּראָגרעסיסטען.

ווי איינע אַזוי די אַנדערע פֿערהאַלֿטען זיך פֿערשיעדען צו דעם
נצחון פֿון דער רעאַקציע. דער רעוואָלֿוציאָנער בעטראַכט די רעאַקציע ווי
אַ׳ן ערשיינונג, וועלֿכע שווימט אפילו אַרויף אויף דער אויבערפֿלֿעכע פֿון
דעם געזעלֿשאַפֿטלֿיכען לֿעבען, אָבער ניט אַלֿלֿע מאָלֿ שפּיגעלֿט זי אין זיך

אָב דאָס, וואָס עס קומט אין דער אמת׳ן פֿאָר אין דער טיעפֿע פֿון דעם לעבען. די רעאַקציע וויזט נאָך ניט אָן, אַז די רעגיערונג איז דער אמת׳ן נאָך גענוג שטאַרק בייצוקומען איהרע פֿיינד און אַז זי האָט נאָך וואָרצ-לען אין לעבען. עס קען אויך געמאָלט זיין, אַז די רעאַקציע איז די לעצ-טע קאָרט פֿון דער רעגיערונג, וועלכע פֿיהלט, אַז איהרע טעג זיינען גע-צעהלטע, עס קען אויך טרעפֿען, אַז די רעאַקציע איז אַזאַ קאָנוואולסיווע בעוועגונג פֿון דער רעגיערונג, וועלכע האָט שוין פֿערלאָרען איהר קאַמפּף און מיט איהר ניט אַיינגעהאַלטענער אכזריות דערגעהענטערט זי נאָך איהר אייגענע מפּלה. און אין אַזאַ פֿאַל, בעטראַכטענדיג דאָס, וואָס להבא קען פֿאָרקומען, קומט אויס ניט זעלטען, אַז דער רעוואָליוציאָנער וואַרפֿט זיך אין קאַמפּף נאָך מיט מעהר מוטה און שטאָלץ, וואָס אכזריות׳דיגער און ניט-איינגעהאַלטענער איז די רעאַקציע. דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פֿון דעם רעוואָליוציאָנער. דער רעפֿאָרמיסט קוקט אויף דיזע ערשיינונג מיט אַנדערע אויגען, ער זעהט ניט יענע רעדער, וואָס דרעהען זיך אין איווענינג אין דעם מעכאַניזם, ער גיט צו אַ גרויסע בעדייטונג דער אוי-בערפֿלעכליכער פּאָליטישער בעוועגונג *) און דעריבער בעגריסט ער מיט׳ן פֿולען האַרצען יעדער „הנחה׳לע״ און איהם נעהמט אָן אַ טויט-שרעקע-ניס ביי דעם געדאַנק, אַז די רעאַקציע קען ווייטער אָנשטעהן. אַלזאָ, זע-העןן מיר, אַז די כאַראַקטעריסטיק, וועלכע דער רוססישער סאַטיריקער שטשעדרין האָט געגעבען דעם רוסס-שען ליבעראַל, לכתחילה טהוט ער „וויפֿיעל מען קען״, נאָכדעם „כאָטש וויפֿיעל עס איז״ און לסוף „וויפֿיעל די ניעדערטרעכטיגקייט ערלויבט״, איז ריכטיג פֿאַר אַללע „מיטעלמעסיגע״ פֿון אַללע צייטען און פֿעלקער...

דער רעוואָליוציאָנער, ווען ער זעהט די אומענדערונגען, וועלכע קו-מען פֿאָר אויף דער אויבערפֿלעכע פֿון דעם פּאָליטישען לעבען פֿון דעם לאַנד, קוקט ער אויף זיי מיט אַזוינע אויגען, אַז זיי דריקען אויס די פֿאַק-טישע (ווירקליכע) פֿערהעלטניסען פֿון די קרעפֿטען, וועלכע עס געפֿינען זיך אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. בעת מיר ריידען וועגען דער קראַפֿט פֿון אַ וואָסער עס איז געזעלשאַפֿטליכער גרופּע, דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז די קראַפֿט פֿין יעדער געזעלשאַפֿטליכער גרופּע דאַרף בעטראַכט ווערען פֿון פֿערשיעדענע שטאַנדפּונקטען: ווי גרוס די גרופּע איז, אויף וואָס פֿאַר אַ מדרגה פֿון בעוואוסטזיין געפֿינט זי זיך און אויף וויפֿיעל שטאַרק זי איז אָרגאַניזירט. די עקזיסטירענדע אָרדנונג האָט אַ געוואהנהייט צו רעכענען זיך מיט די אינטערעסען פֿון דער אָדער יענער גרופּע נאָר לפי

---

*) ד. ה. דעם רעפֿאָרמיסט גיט זיך אויס, אַז בעת עס ווערט אַריינגעפֿיהרט אין לעבען אַ רעפֿאָרם שטעהט ניט דאָס פּאָליטישע לע-בען אויף איין אָרט, נאָר עס בעוועגט זיך. דאָס האָט פֿאַר איהם אַ גרויסע בעדייטונג און ער פֿערגעסט, „אַז ניט אַלץ וואָס פֿינקעלט איז גאָלד״.

ערך דער קראַפֿט, וועלכע זי פֿערמאָגט. דעריבער קען מען מיט זיכערהייט זאָגען, אַז די פּאָליטישע אָרדנונג און איהר „אינערליכע פּאָליטיק" שפּיג-לען אָב אין זיך דיזע „פֿאַקטישע פֿערהעלטניסען פֿון דער מאַכט" (ווי לאַסאַל דריקט זיך אויס) ד. ה. וואָס פֿאַר אַ קרעפֿטען עס טרעטען אַרויס אויף דער קאַמפּפֿס סצענע, ווי גרויס און אָרגאַניזירט זיי זיינען, וואָס פֿאַר אַ אינטערעסען זיי שטעלען פֿאָר און אין וועלכע בעציהונגען דיזע פֿערשיעדענע קרעפֿטען שטעהען איינע צו די אַנדערע, און ווייל דיזע קרעפֿטען זיינען פֿערשיעדען איינע פֿון די צווייטע מוזען זיי זיך צוזאַממענ-שטויסען צווישען אַנאַנדער. פֿון דיזען צוזאַמענשטויס בעקומען מיר אַ מיטעלקראַפֿט (זעה אויבען דעם פּירוש פֿון דיזען וואָרט), וועלכע פֿערקערפערט זיך אין לעבען אין דער פֿאָרם פֿון דער אָדער יענער פּאָלי-טישער אָדער סאָציאַלער אָרדנ׳נג. אַלזאָ, זעהען מיר, אַז די אָדער יענע פּאָליטישע אָרדנונג איז ניט עטוואָס אַ גאַנצע זאַך, וועלכע פֿאַלט אַראָב גלייך פֿון הימּמעל, נאָר זי איז אַ פֿערוויקעלטע און אַ פֿערפּלאָנטערטע ערשיינונג, וועלכע מיר דאַרפֿען ערשט בעטראַכטען און אַרומקלערען, כדי מיר זאָללען פֿערשטעהן איהר אינערליכען עצם, איהר אינערליכען תוכן (אינהאַלט). די פּאָליטישע אָרדנונג איז אַ רעזולטאַט פֿון די פֿערשיעדענע ווירקענדע כחות אין דער געזעלשאַפֿט, וועלכע שטויסען זיך צוזאַממען, און דעריבער זאָגט לאַסאַל זעהר ריכטיג, אַז זי שפּיגעלט אָב אין זיך „די פֿאַקטישע פֿערהעלטניסען פֿון דער מאַכט". מיר מוזען אָבער דאָס אויך ניט פֿערגעסען, אַז ווען אַ וואָסער עס איז געזעלשאַפֿטליכע גרופּע גע-פֿינט זיך ביים מלוכה רודער פֿערגרעסערט זיך איהר קראַפֿט אין צעהן מאָל. די מלוכה אָרגאַניזאַציע איז אַ בעזונדער מין מעכאַניזם, וועלכער האָט די מעלה פֿון אַללע אַנדערע מעכאַניזמען צו פֿערגרעסערען אין וויפֿיעל מאָל די קראַפֿט, וועלכע מען ווענדעט אָן צו זיי פֿון אָנפֿאַנג אָן. דער ציעל פֿון אַ רעוואָלוציאָנער איז אַוועקשטעלען פּנים אל פּנים געגען דער אָרגאַניזירטער קראַפֿט פֿון אויבען אַ׳ן אַנדער אָרגאַניזירטע קראַפֿט פֿון אונטען. ווען אַזאַ קראַפֿט ווערט בעשאַפֿען. רופֿט זי נאַטירליך אַרויס אַ רעאַקציע, וועלכע שטרעבט „צו אונטערדריקען די שלעכטס אין רעכטען אָנפֿאַנג". די הערשענדע קלאַססען שטרעבען צו מאַכען די מלוכה-מאַשין פֿאַר אַ ווערקצייג פֿון א׳נטערדריקונג, מאַכען פֿון איהר אַ קאַמפּפֿס מע-כאַניזם געגען דעם ניי-אויסגעוואַקסענעם קאָפּף פֿון דער „רעוואָלוציאָנע-רער הידרע *)". און ווען די די הערשענדע קלאַססען געהען אַריבער פֿון

*) דאָס איז אַ מין וואַססער ווערעמעל, וועלכע האָט זעהר פֿיעל קעפּף. ווען מען האַקט׳אָב ביי איהר אַ קאָפּף, אַזוי ..וואַקסען אויס באַלד אַנדערע. די רעוואָליוציאָנערען זיינען עהנליך צו אַ הידרע. אויף דעם אָרט פֿון דעם געפֿאַלענעם העלד טרעטען אַרויס צעהענדליגע נייע העלדען און דעריבער ווערט געברויכט דער אויסדריק „רעוואָליו-ציאָנערע הידרע".

ווערטער צו מעשים טרעטען זיי אָהן רהמנות אונטער די פֿיס די אַללע טייערסטע ליבעראַלע פּרינציפּען, ווי, למשל, דעם פּרינציפּ וועגען די צוטהיילונג פֿון דער מאַכט, דעם פּרינציפּ, אַז דער געריכט דאַרף זיין אונאָבהייניגיג פֿון דער אַדמיניסטראַציע, דעם פּרינציפּ, אַז די געזעצגעבענדע מאַכט דאַרף זיין אונאָבהיינגיג פֿון דער אויספֿיהרענדער מאַכט און נאָך אַזוינע שעהנע פונקטען פֿון די ליבעראלע פּרינציפּען. וואָס טהוען די ליבעראַלען?— זיי זיצען על נהרות בבל (ביי די טייכען פֿון בבל), זיי יאָמערען און וויינען, זיי רייסען קריעה און בעשיטען זייערע קעפּף מיט אַש און קלאָגען זיך אויף די רעוואָליוציאָנערען, וואָס האָבען מיט זייערע „אונטאַקטישע" שפּיצלאַך אַרויסגערופֿען די רעאַקציע... כדי ניט אונטערגיסען אויל אין פֿייער רעקאָמענדירען זיי זיך און זייערע אָנהיינגער, „אַז זיי זאָללען ניט אויפֿהייבען זיער קאָפּף העכער פֿון אַ קליין גרעזעלע", כדי געבען צו פֿערשטעהן ווענען מען דאַרף, אַז געגען זיי, געגען די פּאָליטישע „יתומים", איז ניט נויטהיג אָנווענדען קיינע אונטערדריקונגס מיטלען, נאָר פֿערקעהרט, מען דאַרף נאָך זיי געבען די מעגליכקייט צו בעאַקערען דאָס פֿרייע פֿעלד, כדי זיי זאָללען פֿריעדליך און ביסלעבווייז איינפֿלאַנצען די קולטור...

ניט קוקענדיג אויף דעם געהען זיך די פּאַסירונגען מיט זייער וועג. אַ געזונדע געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונג איז אונמעגליך אויף אַ לאַנגע צייט צו אונטערדריקען. צייטענווייז כאַפּט זי דעם שלאַק, אָבער באַלד הייבט זי זיך ווייטער אויף און איז פֿריש און לעבעדיג ווי פֿריהער. ניט איין מאָל האָט די רעאַקציע צוגעדריקט זי ביז דער ערד, אָבער זי הערט די רעאַקציע ווי דעם קאָטער. וואָס ווייטער נעהמט די בעוועגונג זיך אָן מיט מעהר פֿרישע כחות, זי דרינגט אַריין וואָס טיעפֿער און טיעפֿער אין די פֿאָלקס מאַססען און מיט נייע כחות הייבט זי אָן פֿיהרען איבער אַ נייס דעם קאַמפּף. לסוף, שטעהט אָן אַזאַ מאָמענט, ווען די כחות פֿון דער רעאַקציע זיינען שוין אַזוי אָבגעשוואַכט, אַז פֿון איהרע ציטעריגע הענד הייבט אָן אַרויספֿאַלען דער מלוכה-רודער. אָבער אין אַזאַ מאָמענט, נאָך אַזאַ בלוט-אָנווערונג אין די שרעקליכע מלחמות, איז די רעוואָליוציאָנערע מאַכט נאָך ניט אַזוי שטאַרק, אַז זי זאָל קענען פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון דעם אָבגעשוואַכטען שונא. די מיטטעלקראַפֿט פֿון די אַללע כחות, וועלכע שלעפּען אַהער און אַהין די געזעלשאַפֿט, אָדער וועלכע האַלטען זי אַיין אויף איין אָרט, שאָקעלט זיך אַרום אין דער מיטען... אָט ביי אַזאַ לאַגע הייבען אויף זייער קאָפּף און לעבען זיך אָב די „מיטעלמעסיגע". זייער קראַפֿט בעשטעהט אָט אין דעם, וואָס זיי שטעלען ניט פֿאָר בעצם קיין בעשטימטע קראַפֿט, ווי עס שטעלען פֿאָר די קרעפֿטען פֿון דער רעאַקציע און פֿון דער רעוואָליוציע. ווייל דער רעזולטאַט, דער סך הכל פֿון דעם קאַמפּף איז אונבעוואוסט און עס אפילו אונמעגליך איהם צו וויססען, אָט דאָס גיט די מעגליכקייט, אַז ביי דעם מלוכה-רודער זאָללען זיך שטעלען אונבעשטימטע, אָפּאָרטוניסטישע פּאַרטייען. און דעריבער טרעטען

אַרויס דיזוע העלדען פֿון מיטעלמעסיגקייט און רוהיגקייט מיט גרויס פּאָמ-פּע דאַן אויף דער סצענע, כדי אַרוק טהאָן אַביסעל לינקס צו דעם „פּונקט" פֿון דעם פּראָגרעס; עס טרעפֿט אויך גאַנץ אָפֿט, אַז זיי טרעטען אַרויס מיט דעם שטאָלצען לאָזונג „ניט די רעוואָליוציע און ניט די רעאַק-ציע", זיי טרעטען אַרויס און ווילען בעווייזען די רעוואָליוציאָנערען, וועל-כע האַלטען נאָר פֿון איין צושטערען, אַז נאָר זיי, די „מיטעלמעסיגע", זיינען פֿעהיג צו פֿערנעהמען זיך מיט דער אַרבייט צו שאַפֿען אָרדנונג אין דער מלוכה, צו אָרגאַניזירען דעם מלוכה מעכאַניזם אויף נייע יסודות. זיי טרעטען אַרויס און פֿערשטעהען גאָר ניט, אַז זיי קומט אויס מעהר ניט ווי מאַכען דעם סך הכל, אונטערפֿיהרען די אונטערשטע שורה אונטער אַללעס דעם, וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט אין לעבען, אין „די פֿאַקטישע פֿערהעלטניסען פֿון דער מאַכט", די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי....

פֿון אַללעס דעם, וואָס מיר האָבען אויבען געזאָגט, איז נאָך ניט אַרויסצודרינגען, אַז די רעפֿאָרמיסטען און די רעוואָליוציאָנערען זיינען אונ-פֿערמיידליכע שונאים איינע די אַנדערע — און נאָר שונאים. די רעפֿאָרמיסטען און די רעוואָליוציאָנערען האַלטען זיך גאַנץ אָפֿט איינע די אַנדערע פֿאַר שונאים, אין דער ווירקליכקייט אָבער, טרעטען די רעפֿאָר-מיסטען ערשט דאַן אַרויס אויף דער סצענע און שפּיעלען די פֿעראַנטוואָרט-ליכסטע און ווירקענדסטע ראָליען, ווען עס פֿערשטאַרקען זיך די רעוואָליו-ציאָנערע עלעמענטען און ווען זיי גיבען אַ שטאַרקערען אָדער אַ שוואַכע-רען קלאַפּ דער רעאַקציע. פֿערקעהרט, (עס איז מעגליך, אַז דאָס טהוט זיך אויסער זייער ווילען) פֿערגרינגערען די רעפֿאָרמיסטען אין איניגע פֿאַ-לען די וויטערדיגע אַרבייט פֿון די רעוואָליוציאָנערען מיט דעם, וואָס זיי פֿיהרען דורך זייערע קליינינקע, אָבער נוצליכע רעפֿאָרמעליך און דערמיט שטויסען זיי פֿאָרווערטס, לויט זייערע כחות, די אַללגעמיינע „קולטור". דעריבער זיינען דערוויילינע אָבמאַכונגען צווישען די רעוואָליוציאָנערען און די רעפֿאָרמיסטען מעגליך און נויטהיג. נאָר פֿון דעם, וואָס מיר האָ-בען געזאָגט, איז אויך אַרויסצודרינגען, אַז עס איז גאָר אַ נאַרישקייט צו טראַכטען, אַז די רעוואָליוציאָנערען מיט די רעפֿאָרמיסטען זאָללען זיך צו-נויפֿגיסען צוזאַמען אויף אַ צייט, אָדער זיי זאָלען שליסען צווישען זיך אַ שטענדיגען אָדער אַ פֿעסטען בונד (בלאָק). עס איז אפילו אויך שווער, אַז די רעפֿאָרמיסטען און די רעוואָליוצאָנערען, ווי זעלבסטשטענדיגע גרו-פּען, זאָללען אויסהעלפֿען איינע די אַנדערע אין דעם אָדער אין יענעם פּאָליטישען מאָמענט. אפילו אין אַזאַ פֿאַל וועט אויך אויסקומען אָנשטויסען זיך אָן פֿיעל מניעות מחמת דעם, וואָס מיר אַללע זיינען אין דעם פּאָליטישען זינען נאָך ניט אויסגעוואַקסען. די ליבעראַלען און די מיטעלמעססיגע דאַרפֿען פֿערשטעהן, אַז די רעוואָליוציאָנערען קענען זיך ניט אָבזאָגען מחמת זייערע שעהנע פנים׳ער ניט פֿון דעם סאָציאַליזם און ניט פֿון זייער עכט רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק, ווייל ווי אין דעם סאָציאַ-ליזם אַזוי אויך אין דער רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק געפֿינט זיך ניט נאָר

די בעוואָרעניש, אַז די רעוואָלוציאָנערען וועלען סוף כל סוף מנצח זיין, נאָר אויך די בעוואָרעניש פֿון דעם נצחון פֿון די רעפֿאָרמיסטען. אויב די רעפֿאָרמיסטען טראַכטען טאַקי באמת דורכפֿיהרען זייערע פּלענער, מוזען זיי אויסהעלפֿען אין איינציגע פֿאַלען דעם סאָציאַליזם און דער רעוואָלוציע, ווייל דעם איבערגאַנגס פּעריאָד וועלען אויסנוצען נאָר די רעפֿאָרמיסטען,— אמת, זיי וועלען אויסניצען נאָר אַ קליינע צייט, — אָבער אויף עטוואָס גרעסערעס האָבען זיי ניט וואָס צו וואַרטען, ווייל די לאַגע, וועלכע זיי פֿערנעהמען, איז ניט אויף לאַנגע יאָהר. זיי האָבען שוין לאַנג געדאַרפֿט וויססען דעם גלייכוואָרט, אַז „די צייטען זיינען ניט פֿאַר אונז!" די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען וויללען זיך דערשלאָגען, אַז מען זאָל זיך רעכענען מיט זייער מיינונג, בעת מען וועט זיך פֿערנעהמען מיט דעם איינאָרדנען די געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג פֿון היינטיגער צייט, אפילו אויך אין אַזאַ מאָמענט, ווען זיי זיינען נאָך ניט אַזוי גענוג שטאַרק, אַז זיי זאָללען קענען בעקומען אַ פֿאָללען נצחון. נאָר פֿאַר זיי זיינען דאָס די ערשטע טריט, וועלכע פֿערגרינגערען דעם ווייטערדיגען קאַמפּף, וועלכער וועט געפֿיהרט מיט דעם ציעל דערגרייכען אַ ליכטיגערע און אַ מעכטיגערע צוקונפֿט.

---

בכן, אין דעם פּראָגראַם פֿון אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי געפֿינען זיך בשום אופן ניט די אידעעלע און די פּראַקטישע מאָמענטען אין אַ וועלכער עס איז שנאה צווישען זיך, נאָר פֿערקעהרט, זיי זיינען מוסיף איינע די אַנדערע און זיינען צווישען זיך פֿעסט צוזאַמענגעבונדען. אָהן אַ פּראַקטישען פּראָגראַם וואָלט דער סאָציאַליזם געווען אַ מין אוטאָפּיע (אַ פֿאַנטאַזיע) פֿון אַ דענקער, וואָס געהט ניט אַרויס פֿון זיינע ד׳ אמות, אַ חלום — פֿון אַ פֿאַנטאַזיאָר אַ אידעאַליסט, אַ גלויבען — פֿון אַ פֿאַנאַטיקער אַ סעקטאַנט. אָהן אַ בעשטימטען און אַ קלאָרען ענדעציעל, אָהן אַ געזעלשאַפֿטליכען אידעאַל וואָלט די רעוולוציאָנערע בעוועגונג געווען אַ גוף אָהן אַ נשמה, אַ שיף אָהן אַ רודער, וועלכער בלאָנדזעט אַרום איבער דעם גרויסען ים אָהן אַ קאָמפּאַס, אָהן אַ שטערען אַ וועג-ווייזער און אָהן אַ בעשטימטען וועג.

אָבער אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי נויטהיגט זיך אויך אין אַ מינימאַלען פּראָגראַם פֿון פֿאָדערונגען, אַ חוץ איהר מאַקסימאַלען פּראָגראַם, וועלכער ענטהאַלט אין זיך דעם ענדע-ציעל. פֿאַר איהר, להבדיל פֿון די רעפֿאָרמיסטישע פּאַרטייען, איז נויטהיג, אַז איהר מינימאַלע פּראָגראַם זאָל זיין ניט ווי אַ מין לוויסטער, אין וועלכען עס זיינען פֿערשריעבען איינע נאָך די אַנדערע פֿערשיעדענע קליינע פֿאָדערונגען. פֿאַר אַ פּאַרטיי, וועלכע איז אַ רעוואָלוציאָנערע ניט נאָר אין דער טעאָריע, נאָר אויך אין

דער פראַקטיק, פֿאַר אַ פּאַרטיי, וועלכע וויל זיין אַ לעבעדיגע און אַ טהעטיגע היסטאָרישע קראַפֿט, וועלכע וויל אומענדערען גאָר אין גאַנצען די געזעלשאַפֿטליכע שטימונג און דעם אַללגעמיינעם גאַנג פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען, פֿאַר אַזאַ פּאַרטיי איז זעהר וויכטיג, אַז איהר פּראָגראַם מינימום זאָל טראָגען אַ רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער, חוץ דעם, אין דעם רעכטען הייסען קאַמפּף פֿאַר די קליינע טאָג-טעגליכע פֿאָדערונגען נויטהיגט זי זיך אונבעדינגט אין אַזאַ מין קאַמפּפֿס-לאָזונג, וועלכער זאָל זיך אָבענטפֿערען און אָברופֿען אויף די וויכטיגסטע פֿראַגען פֿון דער איצטיגער צייט. אין איהר פּראָגראַם פֿון די טאָג-טעגליכע, נאָהענסטע פֿאָדערונגען מוז זיך געפֿינען אַזאַ פּונקט, אַרום וועלכען עס זאָללען זיך קענען גרופּירען די איבעריגע מינימאַלע פֿאָדערונגען. ווען דאָס וועט ניט געשעהען וועלען די נאָהענסטע שטרעבונגען פֿון דער פּאַרטיי זיין צופּיצעלט אויף קליינע שטיקלאַך, וועלכע זיינען ניט בעהעפֿט איינע מיט דעם אַנדערען, און דיעזער. הסרון וועט זיך קודם כל אָברופֿען אויף דעם, וואָס די געזעלשאַפֿט וועט ניט קענען ווי געהעריג איז אָבשטעלען זיך אויף דער טהעטיגקייט פֿון דער פּאַרטיי און פֿערשטעהן איהר עצם, איהר תוכן. צוציהען צו זיך די אַללגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט איז פֿעהיג נאָר אַזאַ זאַך, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פֿון בעשטימטהייט, קלאָרהייט און גאַנצקייט. בכן, אין יעדען געגעבענעם מאָמענט, מוז די פּאַרטיי שטעלען זיך אַ וועלכע עס איז אויפֿגאַבע, אויף וועלכער זי זעהט צו קאָנצענטרירען אַללע איהרע קרעפֿטען, צו לייגען אַללע כחות, כדי זי צו לויזען. אין דעם געפֿינט זיך אויך אַ בעוואָרעניש, אַז די פּאַרטיי פֿערמאָגט פּיעל קראַפֿט און זי וועט אויך ביכולת זיין ווירקען אויף דעם גאַנג פֿון די פּאַסירונגען.

פֿון דעם, וואָס מיר האָבען פֿריהער געזאָגט, איז גאַנץ קלאָר, אַז ווען אפילו איינע אָדער עטליכע פֿאָדערונגען, וועלכע געפֿינען זיך אין אונזער פּראָגראַם-מינימום פֿערנעהמען טאַקי אין אונזער אַגיטאַציע אַ צענטראַלען פּלאַץ, הייסט דאָס נאָך בשום אופן ניט, אַז דיעזע פֿאָדערונגען זאָללען אָבשטויסען אויף דעם צווייטען פּלאַן. אָדער חס ושלום אויסשליסען די איבעריגע פֿאָדערונגען, דאָס הייסט נאָך אויך ניט, אַז די פּאַרטיי האָט בדעה אָבלייגען דעם אַרויסשטעלען פֿון די איבעריגע פֿאָדערונגען ביז יענער צייט, ביז וואַנען עס. וועט ניט ערפֿילט ווערען די ערשטע און דרינגענסטע פֿאָדערונג; ניין, דאָס. בעטייט מעהר ניט ווי דאָס, אַז נאָר מיט דיעזער פֿאָדערונג האָט די פּאַרטיי בדעה צוזאַמענהעפֿטען שטאַרקער די אַללע איבעריגע בעזונדערע פֿאָדערונגען פֿון דעם מינימאַלען פּראָגראַם.

מיר וועלען דאָ געבען אַ. ביישפּיעל. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז אין אַ וואָססער עס איז לאַנד האָט די פּאַרטיי אַיינגזעהען, אַז דער געפֿעהרליכסטער שונא פֿאַר דעם פּראָגרעס אין איצטיגען מאָמענט איז דער

קלעריקאַליזם *). עס פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז די פּאַרטיי וועט אָנ-
ווענדען אַללע איהרע כחות, כדי אַראָבלאָזען אַ טויט-קלאַפּ דיזען שונא.
אָבער קען שוין דאָס בעטייטען, אַז די פּאַרטיי מוז זיך אָבגעבען נאָר מיט
דער קריטיק פֿון די מצוות און פֿון די קירכליכע מנהגים און פֿערגעסען
גאָר אין גאַנצען אָן איהרע אַנדערע פֿאָדערונגען, וואָס עס זיינען נוגע
דער פֿאָלקס בילדונג, געזונדהייט, השגחה אויף אָרימע לייט, וואוילשטאַנד
פֿון די מאַססען א. ז. וו.? בשום אופן ניט! די פּאַרטיי וועט נאָר זעהן צו-
זאַמענבינדען דיעזע אַללע פֿאָדערונגען מיט דער הויפּט פֿאָדערונג פֿון דיע-
זען מאָמענט. זי וועט מיט אַ מאָל פֿיהרען אַ קאַמפּף אויף אַללע זייטען,
זי וועט בעריהרען אַלע פֿראַגען און וועט פֿעראינטערעסירען מיט זיי די
פֿערשיעדענע געזעלשאַפֿטליכע עלעמענטען. דעם לעהרער וועט זי אויפֿ-
ווייזען, ווי שעדליך איז די ווירקונג פֿון די גלחים אויף דער פֿאָלקס ביל-
דונג און אין דערזעלבער צייט וועט זי זעהען צו דערוויזען, אַז די
וועלטליכע שולען זיינען בעסער פֿון די קירכליכע. דעם דענקער וועט זי
דערמאָהנען, ווי די קירכע האָט געשטערט דער פֿרייהייט פֿון געדאַנק און
קריטיק; דעם פֿערעהרער פֿון קונסט וועט זי אָנווייזען אויף דעם, ווי די
קירכע טריקענט אויס דעם מענשען און טרייבט אַרויס פֿון לעבען יעדע
שעהנהייט; דעם מענשענליעבהאָבער—אויף דעם, וואָס די גלחים פֿערשפּריי-
טען דעם פֿאַנאַטיזם און העצען אויף צו פֿערפֿאָלגען אַנדערע גלויבענס
און צו אונטאָלעראַנץ; דעם דאָקטאָר—אויף דער שעדליכער ווירקונג פֿון
דעם גלויבען אין דעם מזל און אין דעם, וואָס עס איז בעשערט, אָדער
אָנגע׳חתמ׳עט געוואָרען פֿון אויבען, ווייל אַזאַ מין גלויבען פֿיהרט צו
דעם, אַז די מענשען זאָללען בעטראַכטען די מעדיצין, אַז זי פֿיהרט
אַ קאַמפּף מיט גאָטס ווילען, וועלכער שיקט אַראָב זיין מלאך און היילט
אַללע קראַנקהייטען; דעם פֿילאַנטראָפּ און דעם מענשען, וועלכער נויטהיגט
זיך אין קהל׳שע הילף—אויף די עקספּלואַטאַטאָרישע טענדענצען פֿון די
גלחישע חברות, וועלכע טהוען אָן אויף זיך די מאַסקע פֿון פֿרומקייט, כדי
בעססער צו בערויבען די אַרבייטער, וואָס אַרבייטען אין זייערע אונטער-
נעהמונגען; דעם פּראָסטען פֿאָלק—אויף דעם, וואָס די גלחים בערייסען
דעם עולם פֿאַר די פֿערשיעדענע גייסטליכע זאַכען (ווי למשל פֿאַר שמד׳ן
קינדער, פֿאַר חתונות א. ד. ג.), און אויך אויף די אַנדערע „מעלות" פֿון
די ניעדעריגערע גלחים א. ז. וו. א. ז. וו. מיט איין וואָרט, אין אַללע
ווינקלען פֿון לעבען וועט די פּאַרטיי זעהען צו געפֿינען אַזוינע מיני פֿלע-
קען, אויף וועלכע זי זאָל קענען אָנווייזען, כדי אַרויסרופֿען ביי דעם עולם
אַ האַס צו דעם קלעריקאַליזם.

איצטער שטעלט זיך פֿאַר אָנשטאָט דיעזער מדינה אונזער אייגענע
רוססלאַנד, און אָנשטאָט דעם קלעריקאַליזם—די זעלבסטהערשונג, וועט די
אויפֿגאַבע פֿון דער פּאַרטיי זיין נאָך איינפֿאַכער, ווייל די ווירקונג פֿון

---

*) ד. ה. אַז אַלעס דאַרף דיענען די צוועקען פֿון דער קירכע.

דער זעלבסטהערשונג איז נאָך אַ ברייטערע און אַ טיעפערע. די פאָדערונג צו פערניכטען די זעלבסטהערשונג, ווי אַ הויפּט אויפגאַבע, קען נאַטיר-ליך צונויפבינדען צוזאַמען אַללע איבעריגע פאָדערונגען, דיזעלביגע זאַך קען אויך די פאָדערונג צו סאָציאַליזירען די ערד פערנעהמען אַ צענטראַ-לען פלאַץ אין דעם מינימאַל פראָגראַם אין אַזאַ לאַנד, וואו דער הויפט יסוד פון דער פאָלקס ווירטשאַפט איז די ערדבעאַרבייטונג.

נאָר ווען די סאָציאַל רעוואָליוציאָנערע פאַרטיי אין רוססלאַנד וועט זיך שטעלען אַזוי ברייט און אַזוי בעשטימט די אויפגאַבען וועט זי ערשט דאַן קענען ווערען די נשמה פון אַללע אָפּאָזיציאָנעלע און פראָג-רעסיווע קרעפטען פון לאַנד און שטעלען זיך בראש פון דיזע עלעמענ-טען אין דער צייט פון דער געזעלשאַפטליכער אויפרעגונג און קאַמפף. צוליעב דיזען צוועק דאַרף זי זיך ניט איינשפאַרען אין די ד׳ אמות פון איהרע אייגענע, ספעציעלע אויפגאַבען, וועלכע שיירען זי אָב פון די איבעריגע פאַרטייען. איהר פראָגראַם-מינימום דאַרף זיין גענוג ברייט, אַז עס זאָל קענען אַריינגעהמען אין זיך די פראָגרעסיוויסטע פאָדערונגען. דערמיט אַלליין וועט די פאַרטיי צוציהען צו זיך די סימפאַטיען אפילו פון יענע עלעמענטען, וועלכע זיינען גאָר אין גאַנצען ניט מסכים צו איהרע צוועקען, נאָר וועלכע געהן זיך מיט איהר צונויף אין בעוואוסטע פונקטען. די אָפּאָזיציאָנעלע גרופען וועלען געוואוינען זיך צו זעהען אין דער סאָציאַל-רעוואָליוציאָנערער פאַרטיי ניט נאָר זייער מיטהעלפער, נאָר אויך זייער אַוואַנגאַרד *) און דערמיט אַלליין וועלען די בעסטע און די אידעעלערע מענשען פון די אָפּאָזיציאָנעלע גרופען געהן אַלץ מעהר און מעהר לינקס, ביז אייניגע פון זיי וועלען אין גאַנצען שטעלען זיך אונ-טער דער רויטער פאָהן פון דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאַליזם. אַזוי ווי עס האָט פאַסירט, אַז אין פראַנקרייך זיינען אַריבער צום סאָציאַליזם אַזוינע אויסגעצייכענטע מענער, ווי שזאָרעס, וויוויאַני, פרעסאַנסע, אַנאַ-טאָל פראַנס, אין דייטשלאַנד—היינע, לעדעבור, אין בעלגיען—פיורנעמאַן, גרימאַר, לאַפאָנטען, ברוינע און אַנדערע, אין איטאַליען—לאַבריאָלאַ, דע-אַמיטשיס, גבריאל ד׳אַנונציאָ—אַזוי וועלען אויך אין רוססלאַנד די עהר-ליכסטע פון דעם לאַנד אַריבערגעהן און שטעלען זיך אונטער די פאָהנען פון יענער פאַרטיי, וועלכע וועט קענען צוזאַמענבינדען אין איהר פראָ-גראַם דעם ריין-פרינציפיעלען סאָציאַליזם מיט די נאָהענסטע פאָדערונגען פון דער צייט...

איז דען כדאי פיעל צו מאריך זיין און אויפווייזען, אַז אין דער פאָ-ליטיק מוזען מיר שטרעבען צו פערניכטען די זעלבסטהערשונג? כדי גי-עריג צו שטרעבען צו דער פאָליטישער בעפרייאונג פון דעם לאַנד דאַרף מען נאָך קיין סאָציאַליסט ניט זיין. אי דער ליבעראַלער זעמעץ, אי דער עהרליכער פראָפעסאָר, אי דער סטודענט, אי דער קולטורטרעגער, אי

*) די פאָדערשטע מחנה.

בכלל דער געבילדעטער , קולטורעלער און פֿרייזיניגער מענש , אי דער האַלב געבילדעטער סעקטאַנט , אי דער איינפֿאַכער שטאָרטמאַן , פויער און אַרבייטער, ביי וועלכע עס האָט זיך ענטוויקעלט די מענשענווערדע— זיי אַלע פֿיהלען אויף זיך די משא פֿון דעם ווילקיר , זיי אַללע וויללען פֿרייער עטהעמען , זיי אַללע וויללען פֿיהלען זיך פֿאַר פֿרייע מענשען . אפילו די מיטגליעדער פֿון די פריוויליגירטע קלאַססען, וועמעס אינטערעססען ווערען אפילו יע אָבגעהיט פֿון דער זעלבסטהערשונג , קענען זיך אויך ניט איינהאַלטען און ניט אַרויסשפרינגען געגען איהר. ביי די אונגעהויער שווערע אומשטענדען פֿון קאַמפף אין רוססלאַנד נויטהיגט זיך די רעוואָליוציאָנערע פאַרטיי, כדי איהר אַרבייט זאָל זיך איהר איינגעבען, אין אַ׳ן אַטמאָספֿערע פֿון אינצופֿריעדענהייט , פֿון פראָטעסט , פֿון אָפּאָזיציאָן און פֿון מיטפֿיהל צו די טהוער פֿון דער רעוואָליוציע.... דיעזע אַטמאָספֿערע—דאָס איז יענע לופֿט, וועלכע איז נויטהיג פֿאַר דער סאָציאַ-רעוואָליוציאָנערער פאַרטיי, כדי זי זאָל קענען עטהעמען, לעבען און אַרבייטען... פֿרעגט זיך, מיט וועלכע מיטלען איז דען מעגליך צו בעשאַפֿען דיעזע אַטמאָספֿערע פֿון דעם אַללגעמיינעם מיטפֿיהל, אויב ניט מיט דעם ענערגישען קאַמפף פֿאַר דער בעפֿריעדיגונג פֿון דער א ל ל ג ע מ י י נ ע ר בעדערפֿניס פֿון די פֿערשיעדענע אונצופֿריעדענע עלעמענטען פֿון דעם לאַנד ?

די עהרע אַרויסצושטעליען די פֿאָדערונג פֿון פאָליטישער פֿרייהייט , אַלס אַ צענטראַלען פונקט פֿון דעם פראָגראַם מינימום , געהערט דער פאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און פֿון יענער צייט אָן זיינען אפילו פֿאָרגעקומען פֿערשיעדענע נייגונגען אַהער און אַהין ביז, לסוף, עס איז ווייטער אויפֿגעשטאַנען אַ דור, וועלכער האָט זיך גענומען פֿאַר דיעזער אויפֿגאַבע מיט דער גאַנצער איבערגעבענהייט פֿון זיין נאַטור און ער וועט זי דערפֿיהרען ביז׳ן פֿאָללען נצחון .

דערזעלביגער פאַרטיי געהערט אויך די עהרע , וואָס זי האָט אָנגעוויזען אויף דעם, אַז אין דעם פראָגראַם מינימום זיינען צוזאַמענגעבונדען דער פאָליטישער מאָמענט מיט דעם סאָציאַילען מאָמענט, דערהויפט אין דער אַגראַר פֿראַגע, וועלכע איז בעצם דער שליסעל פֿון אונזער ווירטשאַפֿטליכען מעכאַניזם .

אויך אין דעם לעבען פֿון די פֿעלקער גיבען אַזוינע מאָמענטען , ווען אַ וואָססער עס איז בעדערפֿניס ווערט אַרויסגעשטעלט אויף דעם ערשטען פלאַן און וועלכע פֿאָדערט, אַז מען זאָל זי איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל וואָס גיכער בעפֿריעדיגען , איז אַזאַ מאָמענט לעבט דורך אונזער פֿיעל-ליידענדע רוססלאַנד. צו בעפֿרייען זיך פֿון דער זעלבסטהערשענדער ביוראָקראַטיע איז פֿאַר רוססלאַנד ניט נאָר אַ העכסט וויכטיגע פֿראַגע , נאָר אויך אַ פֿראַגע פֿין לעבען און טויט... אים נאָמען פֿון אונזער סאָציאַליסטישען אידעאַל , אים נאָמען פֿון אונזעדע בעסטע און העכסטע שטרעבונגען מוזען מיר זעהען אָנווענדען אַללע אונזערע כחות, כדי צו

אומשטירצען די פֿערפֿלוכטע זעלבסטהערשונג. אין דעמזעלביגען מאָמענט דאַרפֿען מיר זעהען אָנווענדען אונזערע כחות דערשלאָגען זיך אויך די עקאָנאָמישע אויפֿלעבונג. דער סאָציאַלער און דער פּאָליטישער מאָמענט דאַרפֿען צוזאַממענגעגאָסען ווערען אין דער קינפֿטיגער איבעדקעהרעניס. מיר דאַרפֿען אַרויסטרעטען ענטשיידען געגען די אַנאַרכיסטישע טענדענ-צען, וועלכע ווילען אַוועק מאַכען כלאחר יד די פּאָליטישע פֿראַגע און שטעלען אַרויס נאָר די עקאָנאָמישע פֿראַגע, אַזוי ווי מיר דאַרפֿען פּראָ-טעסטירען געגען דער מיינונג פֿון די ליבעראלען און פֿיעל פֿון די סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטען, וועלכע מאַכען אַוועק כלאחר יד די סאָציאַלע פֿראַגע און ווילען זעהען מעהר ניט ווי די פּאָליטישע. אַללע וועגען דאַרפֿען אונז פֿיהרען צו איין ציעל. און וואו נאָר מיר קעהרען און ווענדען זיך מוזען מיר רופֿען צו פֿערניכטען די פֿעסטונג פֿון דער זעלבסטהערשונג און די פֿעסטונג פֿון דער אַגראַרישער עקספּלואַטאַציע...

כדי דערו לעזער זאָל קיין טעות ניט האָבען, רעכענען מיר דאָ פֿאַר נויטהיג צו מאַכען דיעזע בעמערקונג. פֿון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ גערעדט, איז ניט אַרויסצודרינגען, ווי אַ'ן אַנדערש מאָל ווערט דאָס צום בעדויערען געטהאָן, אַז די פּאָליטישע פֿרייהייט דאַרף מען בעטראַכ-טען מעהר ניט ווי אַ מ י ט ע ל, וועלכע וועט פֿיהרען סוף כל סוף צו דער בעפֿרייאונג פֿון די אַרבייטענדע קלאַססען. ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער לעצטער ציעל, פֿונדעסטוועגען מוזען מיר אויך מודה זיין, אַז די פּאָליטישע פֿרייהייט איז אַ צו גרויסע זאַך, אַז מיר זאָללען קוקען אויף איהר פֿון אויבען אַראָב און האַלטען זי פֿאַר אַ מיטטעל צוליעב אַנדערע צוועקען, ניין, די פּאָליטישע פֿרייהייט איז ניט קיין מיטטעל: זי האָט אַ זעלבסטשטענדיגען ציעל. זי האָט אַ גרויסען ווערטה פֿאַר זיך אַלליין, און דעריבער קען זי אויך דיענען פֿאַר אַ ציעל פֿון אונזערע אָנגעשריינגטע פֿערלאַנגען און בעמיהונגען. די השגה וועגען פּאָליטישע פֿרייהייט צוזאַמען מיט דער השגה וועגען דער סאָציאַליסטישער אָרגאַני-זירונג פֿון דער פּראָדוקציאָן געהן אַריין אין אונזער געזעלשאַפֿטליכען אידע-אַל. די פּאָליטישע פֿרייהייט איז אַ ט ה י י ל פֿון דיעזען אידעאַל, נאָר דיעזער טהייל קען דורכגעפֿיהרט ווערען אין לעבען מעהר אָדער וועני-גער פֿריהער פֿון די איבעריגע טהיילען און מיט דעם, וואָס דיעזער טהייל וועט פֿערווירקליכט ווערען, וועלען די איבעריגע טהיילען אויך אויסשפּיעלען. אָט פֿאַר וואָס שטעלען מיר לאָגיש אויף דעם ערשטען פּלאַן ד י א ו י ס ק ע מ פ פֿ ו נ ג פֿ ו ן ד ע ר פּ אָ ל י ט י ש ע ר פֿ ר י י ה י י ט! דאָס טהוען מיר אי צוליעב דער פּאָליטישער פרייהייט זעלבסט אי אין דעם נאָמען פֿון דעם אַללגעמיינעם גרויסען סאָציאַליסטישען אידעאַל.

———